מ. קראַוועץ

# דער לעצטער חלום

דערציילונגען



אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „זײַן"
ניו־יאָרק, 1960

ביכער פון זעלבן מחבר:

**אויף די וועגן פון ווינט,** 1928

**אַ נייער באַגינען,** 1947

**דער לעצטער חלום,** 1960

# די טירן פון אייביקייט

„ברודער מיינער", האָט ער אַ זיפץ געטאָן, מיט זיינע דאַרע ציטערדיקע פינגער האָט ער אַ גלעט געטאָן מיין פּנים. אין זיינע בלויע אויגן האָבן זיך טרערן באַוויזן און אַראָפּגערונען איבער זיינע באַקן. זיינע בלוטלאָזע ליפּן האָבן געציטערט.

אין דער רגע האָב איך גאָרניט געקענט טראַכטן. עס האָט מיך געשטיקט אין האַלדז און דער קאָפּ איז געשוואומען. איך האָב געקוקט אויף זיין הויכן שטערן. די ווייסע קוטשמע האָר האָט אַרומגערינגלט ווי אַ קרוין זיין גאַנצן קאָפּ און די הויפּט זאַך — זיין געזיכט וואָס האָט געהאַט טויזנטער קנייטשן און איז געווען ווייס פון בלוטלאָז.

די אַטמאָספערע איז געווען אויסטערליש. אַ קליין שמוציק טישל, אַ פאַרשטויבטער פענצטער. באַורי גאַס, איר ליכט און שאָטן. געשרייען, געלעכטער און פאַרשטיקטע לופט. מענער ברודיקע, און פרויען צעפּאַלענע. די אַטמאָספערע פון אונטערגאַנג. אַמאָל האָב איך זיך געפילט ווי אין דער היים אין אַזאַ פּלאַץ. אָבער דאָס איז געווען שוין לאַנג צוריק: אַ סך וואָסערן האָבן שוין אַוועקגעשטראָמט אונטער מיין בריקל. איצט איז דאָס מער ניט געווען ווי דאָס איבערבלייבעכץ פון אַ קאָשמאַר... ווי אַ פינצטערער חלום, וועלכער האָט שוין זיך לאַנג אויסגעוועבט.

בערקאָ האָט אַ קוק געטאָן אויף מיינע קליידער, אַ גלעט געטאָן מיין קראַוואַט און האָט אַ זאָג געטאָן: „עס גייט דיר גוט, מיין פריינט: — פיין! פיין! — איך בין זייער צופרידן". ער האָט אַ שמייכל געטאָן מיט זיינע בלוטלאָזע ליפּן. און יעדער קנייטש אין זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן: „גוט אַזוי. גוט אַזוי".

עס איז פאַר מיר געווען פיינלעך צו זיצן מיט אים. ער האָט עס

פאַרשטאַנען. ער האָט געהאַלטן מיין האַנט אין זיינער. „דו ביסט אַוודאי פאַרנומען?... טאַ גיי געזונטערהייט. איך האָב געטראַכט פון דיר אַ סך מאָל: געטראַכט וועגן אַמאָל. מיינע טעג זיינען גע־ציילטע... מיין גאַנצער קערפער איז צעפרעסן פון קאַנסער. איך קען קוים גיין אויף די פיס. שלעפ איך זיך און וויל ניט זיין אַליין אין חדר, וויל ניט שטאַרבן אין איינזאַמקייט און אַליין. איך ווייס, אַז עס איז נאַריש, ווייל די ענדע קומט אַליין, וואָס עס זאָל ניט זיין..."

ער איז געזעסן אַ פאָר מינוט אַ שווייגנדיקער און נערוועז גע־רויכערט זיין ציגאַרעט, געהאַלטן שטייף מיין האַנט און ניט געקוקט אויף מיר. „גיי, מאַיק, גיי! זאָל דיר גאָט העלפן, וואָס דו זאָלסט ניט טאָן. דו ביסט אַ גוטער ברודער, אַ פיינער מענטש. גיי, גיי געזונטערהייט".

איך האָב אים אַריינגערוקט אַ פאָר דאָלאַר און בין שנעל אַרויס פון סאַלון. איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן דורך דעם פאַרשטויבטן פענצטער. אָבער ער האָט מיך ניט געזען. ער איז געזעסן דעם קאָפּ אַרונטערגעבויגן, מיט די הענט פאַרדעקט די אויגן. איך בין שנעל אַוועקגעלאָפן וואוהין די אויגן האָבן מיך געטראָגן.

אַ פאָר טעג שפּעטער בין איך נאָך אַ מאָל געגאַנגען אים זוכן. אָבער איך האָב אים מער ניט געקענט געפינען. איך בין אַוועק אין סאַלון און זיך געפרעגט אויף אים. „יע, ער איז געשטאָרבן ביים טישל אַ טאָג פריער. יע, ער איז שוין באַגראָבן אין פּאָטערס פעלד. קיינער איז אים ניט געגאַנגען באַגלייטן. קיינער ווייס ניט וואו זיין קבר איז. דער באַרטענדער האָט דאָס מיר דערציילט, זיך אַפילו קיין קרים ניט געטאָן. ער איז אין דער זעלבער צייט געווען פאַרנו־מען מיט סערווירן די פּאַסקודנע ביליקע שנאַפּס, זיך צוגעהערט צו ביליקע וויצן, און האָט מער פאַר מיר קיין צייט ניט געהאַט. איך האָב אַ וואָרף געטאָן אַ זילבערנעם דאָלאַר פאַר אים. ער האָט מיך אָנגעקוקט און אַפילו קיין דאַנק ניט געזאָגט. איך בין שנעל אַוועק.

איך האָב געדאַנקט גאָט, וואָס מיין ווייב איז אין דער היים ניט געווען. איך האָב געוואָלט זיין אַליין. דורך די אָפענע פענצטער האָט דער גערוך פון בלומען אַריינגעשמעקט. די צוויי עפּל־ביימער זיינען געווען באַזילבערט פון לבנה־שיין. די שטערן אין הימל האָבן זיך געטונקען אין בלויקייט, און די וואָלקנס זיינען געווען פאַרגלי־וערט אויף זייערע פּלעצער. און איך האָב געטראַכט וועגן איר, די

הויכע אַריסטאָקראַטישע מיידל, וואָס האָט אים אַזוי ליב געהאַט. איך האָב אויפגעזוכט איר בילד און געקוקט אויף איר לאַנג און שווייגנדיק. איך האָב געלייענט די פּאָר ווערטער: „צו מאַיקן, פון אַ גוטער פריינדינע, לוסי האַרטמאַן.״ איך האָב מער אין הויז ניט געקאָנט איינזיצן, און באַשלאָסן זי אויפזוכן. איך האָב געמוזט רעדן מיט עמעצן, וואָס איז געווען צו אים אַזוי נאָענט ווי איך. איך האָב זיך געוואונדערט, אויב זי איז נאָך אין דער זעלבער הויז. עס איז געווען ניט ווייט פון שטאָט. אַ הויז ביים וואַסער. הינטערן טייך אַ וואַלד פון בערעזאָוועביימער. פרוכט־ביימער און בלומען ביים אַריינגאַנג. און אַ שטראָם וואַסער, וואָס איז געלאָפן טיף פון די בערג צום טייך.

איך האָב באַשלאָסן זי ניט אָפּצורופן. בין איך געפאָרן מיט מיין אויטאָמאָביל און זיך ניט געאיילט. פון מיין ראַדיאָ איז געקומען די מוזיק פון אַ סימפאָנישן אָרקעסטער. אַ זייטיקער וועג האָט זיך געשלענגלט דורך בערג און איןביידע זייטן יונגע וועלדלעך. דער אָוונט איז געווען אַ שטילער. שטערן האָבן געצאַנקט אין הימל. אַ געפיל פון מעלאַנכאָליע האָט מיך איבערגעוועלטיקט. איך האָב פון גאָרנישט געטראַכט. איך בין געווען פאַרזונקען אין זיך אַליין.

דאָס הויז דאָס זעלבע, נאָר אָפּגעפאַרבט מיט ווייסן, דער דאַך מיט טונקל גרין. איר נאָמען אויף דעם בריוו־קעסטל. דער גאָרטן נאָך אַלץ מיט בלומען. דאָס פליסן פון וואַסער איז ווי די אייביקייט רוישט און פאַלט אין שטראָם. נאָר דאָס הויז איז פינצטער און פאַרשלאָסן, די פענצטער ווי בלינדע אויגן קוקן אין ערגעץ ניט. איך בין געשטאַנען אַ פּאָר מינוט און געוואַרט און געהאַט דאָס געפיל, אַז זי וועט מער ניט קומען, אָבער ווען איך בין שוין געווען פאַרטיק אַוועקצוגיין איז זי אָנגעקומען. זי איז געבליבן שטיין אַ סעקונדע און מיך אָנגעקוקט. זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מיין אַקסל, פאַרמאַכט די אויגן. איך האָב געטראַכט, אַז זי וועט אומפאַלן. אָבער דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ מינוט. זי האָט מיך אָנגענומען פאַרן האַנט און מיר זיינען ביידע אַריין אין הויז.

ווי אַלעמאָל האָב איך זי באַוואונדערט: שטאָלץ, וואונדערלעך זויבער, אַ מיידלשער פּנים און פיגור און אַ קרוין ווייסע האָר. אירע אויגן אַביסל טיפע, די ברעמען נאָך אַלץ שוואַרץ. אירע ליפּן זאַפטיקע, יונג־מיידלשע. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז די צייט

איז פאַרגליווערט געוואָרן, אַז עס איז געווען נעכטן ווען איך האָב זי געזען. דער זעלביקער דומפּיקער ווייטיק האָט זיך געריסן אין מיין האַרצן. איך האָב זי אַמאָל זייער ליב געהאַט, געטראַכט, אַז כ׳האָב זי פאַרגעסן. מיטאַמאָל האָב איך דערפילט, אַז די צייט, די יאָרן און די טעג האָבן זיך אויסגעוועבט; אַז אַלץ וואָס האָט פּאַסירט אין מיין לעבן ביז דעם אָוונט איז מער ניט קיין חלום, אַז עס איז ווי איך בין געווען באַהאַלטן אין די פאַלדן פון אייביקייט און געוואַרט אויף דער מינוט.

זי האָט געמאַכט קאַווע מיט צובייסן. אַלץ איז שוין געשטאַנען אויפן טיש, נאָר מיר האָבן נאָך ביידע געשוויגן. שפּעטער זיינען מיר געזעסן איינע לעבן די אַנדערע. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ לאַנגן קוק געטאָן אויף מיר און שטיל אַ זאָג געטאָן: „ווי גייט דיר, מאַיק? איך האָב געהערט, אַז דו האָסט שוין אַ ווייב, און עס גייט דיר זייער גוט. גענוג שוין זיך אַרומגעוואַלגערט. אַלע וועגן פירן ענדלעך אַהיים...״

איך האָב אָנגעקוקט לוסיען און געשוויגן. איך האָב איר ניט געוואָלט זאָגן וואָס ביי מיר אין האַרצן איז. איך האָב שטיל אַ זאָג געטאָן: „נו, וואָס איז וועגן דיר, לוסי? וואו האַלטסטו אין דער וועלט?... דו קוקסט אויס אַזוי צאַרט און מיידלדיק ווי אַלעמאָל. די יאָרן וואָס איך האָב דיך ניט געזען האָבן דיך גאָרניט געענדערט. די צייט איז געבליבן שטיל. איך בין אויף אַ מינוט געווען אין דער אייביקייט און געקומען צוריק, נאָר דו ביסט געבליבן די זעלבע״.

לוסי האָט אַ נערוועאישן לאַך געטאָן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און קוים געאָטעמט. איך האָב געפילט ווי זיך שטעלן פאַר איר אויף די קני און גאָט בעטן. זי, ווי אַ הייליקע, ווי אַ טייל פון גאָט... איך מיט מיין ווערימדיק האַרץ וואָס קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. דער וועג צום הימל איז פאַרוואָקסן מיט דערנער פאַר מיר. איך וועל אַהינצו קיינמאָל ניט דערגרייכן.

„לוסי! איך קען קוים די ווערטער אַרויסלאָזן פון מיין מויל. בערקאָ איז געשטאָרבן!...״

זי האָט זיך אַ וויג געטאָן, אויפגעפּראַלט די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ גרויסער שרעק. פון איין אויג האָט אַ טרער זיך געקאַטשעט איבער איר באַק. דאָס ציטערן פון די ווינקלען פון איר מויל איז געווען פּאַטעטיש. איך האָב גענומען איר האַנט אין

מיינע און מיר זיינען אַזוי געזעסן אַ לאַנגע צייט פאַרגליווערט אין די פאַלדן פון דער נאַכט.

„פאַר מיר איז ער שוין לאַנג געשטאָרבן". זי האָט אַרויסגע־קוקט דורך דעם פענצטער און גערעדט: „אַ מענטש שטאַרבט ניט מיטאַמאָל, דער טויט איז מיט אונדז פון דעם טאָג וואָס מיר ווערן געבוירן. און ער האָט מער ניט געלעבט... ווי אַן אויטאָמאַט האָט ער דערפילט געוויסע פונקציעס אָן דעם באַוואוסטזיין און אָן גייסט. שוין יאָרן, אַז ער האָט זיך מער ניט געווערט, נאָר געטאָן די זאַכן, צו וועלכע מען דאַרף ניט קיין באַוואוסטזיין אָדער ווילן . . . "

דערנאָך האָבן מיר גערעדט וועגן אַמאָל, וואָס איז געוואָרן פון אונדז אַלעמען. וועגן די וואָס זיינען נאָך דאָ און די יעניקע וואָס זיינען שוין פאַרשוואונדן אין שאָטן פון אייביקייט. מיר האָבן גע־טרונקען בענעדיקטין און פאַרביסן. זי האָט מיך געהאַלטן אין איין קושן און גערעדט, און גערעדט. זי האָט געלאַכט היסטעריש און געווישט די טרערן. פאַרטאָג איז זי איינגעשלאָפן אין ווייכן שטול. איך האָב פאַרמאַכט שטיל די טיר הינטער זיך, ווען דער פרימאָרגן האָט אָנגעהויבן גרויען.

איך האָב געדאַרפט זיין אין פאַבריק. כ'בין צוגעפאָרן אין הויז, זיך אַרומגעוואַשן און זיך איבערגעטאָן. איך האָב געפונען אַ קייבל פון פרידן. זי איז אין פאַריז און לאָזט מיר וויסן, אַז אַלץ איז פאָריבער. זי טרייסט מיך, אַז זי וויל גאָרניט פון מיר, אַז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג איז מיינס. זי פאַרגעסט ניט מיר צו דערמאָנען, אַז דאָס גאַנצע געלט איז אירס, פונדעסטוועגן לאָזט זי מיר אַלץ איבער. „איך פאַרגין דאָס דיר מיטן גאַנצן האַרצן, איך בין ניט ברוגז אויף דיר, און איך האָף, אַז די יאָרן וואָס מיר האָבן געלעבט צוזאַמען וועסטו געדענקען, ווי איך, אַלס די שענסטע אין לעבן . . . "

כאָטש איך האָב שוין דאָס לאַנג דערוואַרטעט, דאָך האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון פאַרלאָזנקייט. פרידע איז געווען אַ גוטע ווייב! און איך? גאָט ווייס, איך האָב פּרובירט צו טאָן אַלץ אין דער וועלט צו מאַכן אונדזער צוזאַמענלעבן אַ דערפאָלג. אָבער אין האַרצן האָב איך געוואוסט, אַז איך בין אַ דורכפאַל. אַז וואָס איך זאָל ניט טאָן — אונדזער וועג וועט ניט פירן ביז דער ענדע.

פון מיין פענצטער האָב איך געזען דאָס וואַסער פון האָדסאָן. די ברעגן פון ניו יאָרק האָבן געלויכטן ווי אַ וואולקאַן פון ליכט.

איך האָב אַלע מאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס איז ערגעץ אַ לאַנד וואו ריזן וואוינען. דער אָטעם פון שטאָט האָט מיך דערגרייכט אי־בער די וואַסערן. די זון, ווי אַ קנויל פון גאָלד, האָט געעפנט אירע פאַלדן און אויפגעברויזט אַ לעגענדע. איך האָב געקוקט דורך דעם אָפענעם פענצטער און איינגעאָטעמט דעם פרימאָרגן. אַ געפיל פון פאַרלאָזנקייט האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך האָב זיך געפילט ווי אין אַ גרויסער שטייג, וואו די ווענט וועלן מיך אייביק האַלטן געפאַנגען.

איך האָב ניט געקענט פאַרליידן דאָס גערויש פון דער פאַבריק, די אַרבעטער, ווי פליגן, שלאָגן זיך אָן די פאַרמאַכטע פענצטער און בענקען נאָך ליכט. זיי וועלן דאָס ליכט קיינמאָל ניט זען. די פענצ־טער וועלן אייביק זיין פאַרמאַכט. שטויב וועט זיי פאַרדעקן און דעם אומעט פון אונטערגיין איבער זיי אויסשפּרייטן. איך האָב געזאָגט אַ פּאָר ווערטער צו מיין פּריוואַטער סעקרעטאַרין, אונטערגעשריבן אַ פּאָר פּאַפּירן, און דערנאָך אַרויס אין דרויסן.

דאָס הויז איז שוין געווען פאַרפולט מיט בלומען. עס האָט גע־שמעקט מיט ריינקייט און טויט... איך האָב געהערט מאַטילדען זינגען אין צווייטן חדר. איך האָב ניט געוואָלט זי זאָל מיך זען, און איך בין שטילערהייט אַרויס, שטיל פאַרמאַכט די טיר. איך בין גע־פאָרן פּאַמעלעך מיט זייטיקע וועגן, ניט טראַכטנדיק וואוהין עס פירט. געטראַכט האָב איך גאָרניט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, מיין גאַנץ לעבן וועט אייביק אין ערגעץ ניט פירן, אַז איך וועל אַזוי בלאָנדזשען אין אייביקייט ביז כ'וועל ווערן שטויב.

איך בין געקומען אַהיים אַ מידער און ניט געמאַכט דאָס ליכט. עס איז שוין געווען פינצטער אין דרויסן און די נאַכט איז געווען פאַרגליווערט מיט פינצטערניש. די לופט איז געווען פייכט און דער טומאַן האָט זיך געשפּאַרט פון הימל און געקייקלט ווי קנוילן רויך. עס איז געווען אַ קלעפּיקע פייכטקייט און אין חדר איז געווען קיל. די פענצטער זיינען געווען פאַרמאַכט, אָבער דאָס געפיל פון קלעפּיקע פינגער אויף דעם לייב און דאָס אָטעמען פון פייכטער לופט האָט אָנגעהאַלטן . איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און אַנדרימלט געוואָרן. דער טעלעפאָן האָט לאַנג געמוזט קלינגען. איך האָב זיך קוים גע־קענט אויפהויבן פון שטול. מיינע פיס זיינען געווען פאַרגליווערט, און מיין קאָפּ איז געווען שווער און בלייאיק. איך האָב געהערט לוסיס שטימע פון דער אַנדערער זייט, פון ערגעץ־וואו. „איך פיל

ניט גוט, מאַיק! איך מיין אַז כ׳האָב פיבער. כאַפּ זיך אַריבער, אויב דו קענסט. איך שרעק זיך זיין אַליין!״

זי האָט געעפנט די טיר און איך האָב באַלד דערקענט, אַז לוסי איז קראַנק. די אויגן מיט פיבער, די ליפּן פאַרטריקנט. און ווען זי האָט גענומען מיין האַנט אין אירער האָב איך דערפילט אַן אומנאַטירלעכע וואַרעמקייט.

„זאָל איך רופן אַ דאָקטאָר?״, האָב איך געפרעגט.

„מ׳דאַרף ניט! איך האָב די גאַנצע וואָך פריי, איך וועל שטיין אין דער היים און ס׳וועט איבערגיין. איך האָב שוין אַ סך מאָל דאָס געהאַט. עס נעמט אַ פּאָר טעג און עס פאַרשווינדט. איך דערשרעק זיך אַביסל, איך רוף אָפּ טאַנטע עליזאַבעט. זי שטייט מיט מיר איבער אַ נאַכט אָדער צוויי. אָבער נעכטן איז זי אַוועקגעפאָרן צו די קינדער״...

איך האָב צוגעשטעלט הייסע וואַסער און געמאַכט טיי. לוסי איז האַלב געזעסן, האַלב געלעגן אין רו־שטול. ווען איך האָב איר געגעבן די גלאָז האָט זי עס גענומען מיט אַ ציטערדיקער האַנט. „טרינק עס פּאַמעלעך, אַ טייל איז קאָניאַק. עס איז גוט פאַר דיר״...

זי האָט באַלד ניט געטרונקען. זי איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן. די הויט פון איר געזיכט איז געווען צאַרט און ווייס און אָנגעשטרענגט. די האָר געקעמט אויף אַרויף און פאַרבונדן מיט אַ רויטער סטענגע פון הינטן. אויף דעם טיש איז געווען אָנגעוואָרפן בריוו, בילדער. אויף דער פּאָדלאָגע צעריסענע פּאַפּירן. דאָס הויז איז געווען אין אומאָרדענונג. קיין זאַך איז ניט געווען אויפן פּלאַץ. ווי אַ בייזער ווינט וואָלט זיך אַריינגעכאַפּט און צערודערט יעדער זאַך און פאַרשוואונדן.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. איך האָב געטראַכט וועגן מיין אייגן לעבן, געווען אַ ייִדיש יינגל אין פּוילן, אַ קליין שטעטל, אַ הייליק אָרט, קברים, הייזער. אַ קאַלטע שול און אַ מאַרק, וואו טויטע קלייבן זיך צונויף ביינאַכט. אַ פּוילישער קלויסטער מיט אַ הויכן טורעם. טויזנט־יאָריקע ביימער, ריזיקע, מיט שטאַמען, וועלכע זיינען פאַרגראָבן טיף אין דער שוואַרצער ערד. שטאַרקע יידן, אומעטיקע, ווייבער מיט לאַנגע קליידער. קינדער, וואָס שרעקן זיך אַרויסצושטעקן זייערע נעזלעך אין גאַס ביינאַכט. אַלץ איז דאָרטן געבליבן פאַרגליווערט ווי אַ לעגענדע, וואָס קנוילט זיך אין אייביקייט.

די מאַמע פלעגט בענטשן ליכט, פאַרדעקן די אויגן מיט די פינגער. אַ שטילקייט איז געווען אין הויז און די קינדער פלעגן שטיין פאַרגאַפט און היטן דער מאַמעס יעדע מינע. די ליכט האָבן געלאָקט, דורך די פענצטער האָט מען געזען די נאַכט אַרונטערנידערן. מען האָט געזען דעם גאָרטן אַ בליענדיקן אין זומער, און שניי־פאַרדעקטע ביימער אין ווינטער. די גאַס איז געווען פוסט. נאָר דורך די קליינע פענצטערלעך האָבן זיך ליכט געטונקען. פון דער ווייטן האָט דער טורעם פון פוילישן קלויסטער געשטאָכן די וואָלקנס. פון דער גוישער גאַס האָט מען געהערט זינגען. זיי פלעגן טרייבן די שאָף אויף דער פאַשע. זיי פלעגן שפּילן אויף זייערע פייפלעך אומעטיקע געזאַנגען פון ליבע און בענקשאַפט. אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדע פון האַלב־חלום, האַלב־וואָך. לוסיס שטימע האָט מיך געבראַכט צו דער קעגנוואַרט.

„איך האָב פאַרקויפט דאָס הויז מאַיק. די שול גיט מיר אַ יאָר צייט דערלויבעניש אָפּוועזנקייט. וואוהין איך וועל פאָרן ווייס איך ניט; ערגעץ איז דאָ אַ ווינקל אויף דער ערד וואו איך וועל רו געפינען. און אפשר וועל איך פאַרלאָשן ווערן אין אַ שפּאַרונע פון צייט און איך וועל אייביק חלומען. עס איז ניט בערקאָס טויט וואָס טרייבט מיך. עס איז מיין אייגן לעבן, וואָס האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין טאָלק, די שטיקעניש זיך אַליין ניט קענען געפינען... דער אייביקער הונגער נאָך עפּעס, וואָס איז אויפן צווייטן זייט וואָלקן...

מירביידע זיינען ניט געשלאָפן די נאַכט. איך האָב איר אַלץ דערציילט וועגן מיין לעבן, איר דערציילט וועגן פרידן. אַ רייך מיידל וואָס האָט מיך אויפגעהויבן פון בלאָטע און מיך ניט געקענט אַרומוואַשן. די נעכט, וועלכע מיר ביידע האָבן זיך געפייניקט, די בלינדע וואַנט וואָס איז געשטאַנען צווישן אונדז און ניט געלאָזט אונדז זיך דערנענטערן. זי האָט געהונגערט אויף אַ היים, אַ מאַן און קינדער. איך האָב ווי אַ ציגיינער געוואָלט דעם אייביקן וואַנדער. אומרואיק ווי דער ווינט האָב איך נאָר אין איר געזען דעם אַנקער וואָס האַלט די שיף געפאַנגען. איצט בין איך נאָכאַמאָל פריי. וואָס צו טאָן מיט זיך ווייס איך ניט. וואו איך וועל קומען, אָדער אומקומען איז אין די פאַלדן פון אייביקייט.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך לוסין באַגלייט צום שיף „קאַרנאַדאַ", וואָס וועט זי נעמען אין די „קאַריביען". איך האָב געהאַט דאָס

געפיל, אַז איך וועל זי שוין קיינמאָל ניט זען. מיר האָבן זיך גע־האַלטן ביי די הענט ווי צעקראָכענע קינדער. איך האָב געהאַלטן אין איין ווישן אירע טרערן. אַ פּאָר מינוט שפּעטער בין איך שוין גע־שטאַנען ביים האַפן און געקוקט ווי די שיף פאַרשווינדט אין דער ווייטקייט. אַ ווייסער נעפּל באַלויכטן פון זון האָט זיך געשפּרייט אי־בערן וואַסער. פייגל האָבן געצוויטשערט און געפלויגן אין קאַראַהאָד. אַלע באַגלייטער זיינען שוין אַוועק. נאָר איך בין נאָך געשטאַנען אַן עלנטער און ניט געוואוסט וואוהין צו גיין.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געטרונקען. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך געוואַלגערט ביים וואַסער. ווער עס איז געקומען אין סאַלון האָט געמוזט טרינקען מיט מיר. איך האָב זיך געקושט מיט יעדער גאַסן־פרוי, וועלכע האָט איבערגעטראָטן די שוועל. מיינע לעצטע פּענים האָב איך אַוועקגעגעבן. איך האָב געפילט ווי זיך שיידן מיט אַלץ וואָס איך האָב. שטיין נאַקעט פאַר דער וועלט, רייסן מיין האַרץ מיט די נעגל, פאַרברענען אַלץ וואָס איך האָב. איך האָב געגלויבט, אַז מיין האַרץ איז קראַנק, אַז מיין אָרט איז אין בויך פון אַ שיף, אַז איך דאַרף גערייניקט ווערן פון די געזאַלצענע וואַסערן פון די אָקעאַנען.

איידער עס איז טאָג געוואָרן, איז דער האַפן געווען פאַרלאָזן. איך האָב געפונען אַ ווינקל ביים וואַסער. ווען די זון האָט אָנגעהויבן גרויען בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן און פאַרזונקען אין אַ קאָשמאַר. איך האָב דערגרייכט די טיפן פון אייביקייט. אָבער די טיפן זיינען געווען פאַרשלאָסן. איך האָב מיט בלוטיקע פויסטן געקלאַפּט. אָבער איך האָב ניט געקראָגן קיין ענטפער, האָב איך אָנגעשפּאַרט מיין קאָפּ אָן קאַלטן שטאָל און איך האָב געוויינט, ביטער געכליפּעט.

# ניטאָ קיין ענטפער

אַ שאַפּ, אַ ליכטיקער, מיט פענצטער אַרום און אַרום. מען האָט געקענט זען דעם „האָדסאָן", ווען עס איז ניט געווען כמורנע אין דרויסן. מען האָט געקענט זען דעם באַרג פונעם אַנדערן זייט טייך. די ווענט פון שאַפּ ווייס־געקאַלכטע, די פּאָדלאָגע אָפּגעוואַשן, די מאַ־שינען אָפּגעפּוצט און שיינענדיק.

אייב האָראָוויץ, דער אייגנטימער פון שאַפּ, איז אויך געווען אַזוי. ער איז געווען אין די זעכציקער, אָבער אַלע מאָל אויסגעפּוצט ווי אַ יונגער בחור. די האָר פאַרקעמט אַרויף, דער קראַוואַט אויסגעבונדן ווי ביי אַ קינסטלער. דער גאַרניטור אויסגעפּרעסט און זויבער. מען האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער האָט ניט קיין זאָרג אין זיין לעבן; אַז זיין וועלט איז פול מיט זונענשיין.

האָראָוויץ האָט זיך אין שאַפּ ניט געמישט. פון צייט צו צייט פלעגט ער דורכשפּאַצירן דעם שאַפּ, פאַרבייגיין די לאַנגע רייען מאַ־שינען, און מיט אַ שמייכל יעדן באַגריסן. איינעם געבן גוט־ברודע־ריש אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע. אַנדערע פרעגן וועגן דעם ווייב און קינדער. פלעגט זיך וויצלען מיט די פרויען, אַ פרעג טאָן פאַרשייט. צי דער מאַן איז געווען גוט צו זיי די לעצטע נאַכט. און דערנאָך מיט איילנדיקע טריט אַוועק אין חדר.

אָבער דאָס איז געווען האָראָוויצעס לעבן מיט מענטשן. הינטער די פאַרמאַכטע טירן פון זיין חדר איז ער געווען אַן אַנדער מענטש. אַ גרויסער קאַבינעט. אַ ווייכער שטול. פּאָליצעס מיט ביכער וואָס ער האָט אַמאָל געלעזן. איצט ווערן זיי אויפגעגעסן פון מילבן. אַ ראַדיאָ און טעלעוויזיע — פון לאַנג ניט געעפנט. די בילדער אויף די גרינע ווענט, קאָסטבאַרע, און פון אַלע עקן וועלט. לאַנדשאַפטן פון פעלדער און וועלדער און טייכן, בערג וועלכע ווערן פאַרלוירן אין די וואָלקנס. און אין מיטן וואַנט אַן אויסמאָלעריי פון פלאָוויע זיין ווייב, געמאָלן דעם זעלבן יאָר וואָס זי איז געשטאָרבן. ער קוקט אויף איר און זיינע

אויגן ווערן מוטנע און פייכט. ער גייט פּאַמעלעך צו דעם גרויסן פענצטער און קוקט אויף דעם האָדסאָן. ער זעט שיפן שווימען ער־געץ אין דער וועלט אַריין. זעט מעוועס דרייען זיך אין אַ קרייז און טוקען זיך אין זונענשיין.

דאָס הויפּט־געשעפט איז געווען אויף זיבעטער עווענו. האָראָ־וויץ פלעגט זעלטן גיין אַהין. זיין איינציקער זון, בענדזשאַמין, איז דאָרטן דער גאַנצער מאַכער. ער האָט געפילט אַז דאָרטן איז אַ קאַלטע, פרעמדע וועלט. ווען ער איז געווען יונג און אַליוויע האָט געלעבט, איז אַלץ געווען אַנדערש. ער האָט ניט קיין חשק אַרויפצוגיין דאָרטן. די האַלב־נאַקעטע מאָדעלקעס, די קויפער און פאַרקויפער, די זאַל מיט די רויטע פּלושענע ווענט. און בענדזשאַמין, וואָס געוועלטיקט דאָרטן... ער קען לייענען אין זיינע אויגן. „די אַלד מען איז עי ליטל קרעקט אין די העד".

איז האָראָוויץ איבערגעלעגן אין שאַפּ. דער איינציקער פּלאַץ וואו ער האָט געקענט געפינען אַ ביסל רו. די מענטשן פּשוטע, וואַרעמע, און אַזוי נאָענט צו אים. זיי האָבן ניט קיין גרויסע פּרעטענ־זיעס. קעמפן צו מאַכן אַ לעבן, אַביסל בעסער. מאַכן פון די קינדער לייט אַז זיי זאָלן ניט דאַרפן אַרבעטן אין שאַפּ ווי זיי. זיי קומען און טראָגן זיך אַרום מיט האָפענונגען פאַר זיך און די ווייבער און קינדער. כאָטש אַ מאָרגן, אויב דער היינט איז ביטער און שווער. יעדערער האָט זיין אייגן לעבן. זייערע אייגענע וועלטן. אָבער חלומען אַלע מאָל וועגן איין וועלט.

האָראָוויץ קאָן אַלע אַרבעטער אין שאַפּ אינטים. קאָן זייערע ווייבער און קינדער. זיין לעבן איז ענג פאַרבונדן מיט זיי. קומען צו אים מיט זייערע פּראָבלעמען, פאַרטרויען זיך אין אים, אין דעם גע־רויש פון די מאַשינען. אין די אַרבעטער געפינט ער אַ זין פאַר זיין לעבן, און דעם וועג צו גאָט. דער זון קאָן אים ניט פאַרשטיין: „גע־שעפט איז געשעפט". אָבער וואָס זאָל ער טאָן?...„די אַלד מען העז די סטרינגס טו די מאָני" — דער טאַטע האָט נאָך אַלץ די געלט. אָבער באַלד, באַלד. זאָל ער זיך שפּילן מיט דעם שאַפּ. עס וועט שוין לאַנג ניט געדויערן. דאָס געשעפט וועט געהערן צו אים. און דערצו האָט ער אַנדערע פאַבריקן וואו דער טאַטע מישט זיך ניט. דער טאַטע וועט דאָך אייביק ניט לעבן. זאָל ער זיך שפּילן. זאָל ער.

האָראָוויץ שטייט ביים פענצטער און הערט זיך צו צו דעם

גערויש פון שאַפּ. ער עפנט פּאַמעלעך אַ שפּאַרונע פון טיר צום שאַפּ און זיינע אויגן וואַנדערן פון איין אַרבעטער צום צווייטן. די טיר איז ניט ווייט פון פענצטער. ער קען זיך ניט אָנזעטיקן מיט דעם גרויסן וואונדער וואָס איז „ניו יאָרק". נאָר די אויגן ציען זיך צום שאַפּ, צו די אַרבעטער, וועמעס פּנימער זיינען איינגעגראָבן אין דער אַרבעט. זיינע אויגן וואַנדערן פון איינעם צום אַנדערן. די אָפּערייטאָרס באַוועגן זיך מיט אומרואיקייט און זייערע שאָטנס טאַנצן אַנטקעגן. די פּרעסערס קלאַפּן בייז מיט די אייזנס, און זייערע קערפּערס קוקן אויס גראָטעסק און פאַרפּלאָנטערט. די פינישערס שושקען זיך. דערציילן פעפערדיקע מעשהלעך און זיי לאַכן האַרציק, און דער טיש, דוכט זיך אויס, טאַנצט אויס זייער געלעכטער.

די רויט־האָריקע עטל, די ליטוואַטשקע, אַן עלטערע מיידל מיט אַ גרויסער בראָדאַווקע אויף דער מאָרדע, הויבט אָן זינגען. אַנאָר זי זינגט. וויל אַוודאי פאַרטרייבן דעם אומעט פון איר לעבן. וויל פאַריאָגן די פּוסטקייט פון אירע טעג. איר שטימע איז אַ הייזעריקע, צעריסן ווי שטיקער פּאָדעם. זי ענדיקט קיין מאָל ניט וואָס זי פאַנגט אָן. ניט קיין אָנפאַנג, ניט קיין ענדע. שטיקלעך און ברעקלעך — ווי איר לעבן. ניט קיין נעכטן און ניט קיין מאָרגן:

„לעש מיר אויס מיין העלישן פייערל,
גיב מיר וועמען איך וויל".

לייבקע פּאַרך דער אָפּערייטאָר צעלאַכט זיך הויך אויפן קול:
„גיב איר וועמען זי וויל, אָבער אַבי וועמען וועט זי נעמען, די גרויסע קראַסאַוויצע! אַ מאַטראַס מיט איין פוס וואָלט זי ניט אַריינגענומען...
שוין פאַרוואָקסן ביי איר אַלץ מיט גראָז!"

אַרקע דער אָפּערייטאָר, וואָס זיצט קעגן לייבקען, גיט אַ שפּיי. זאָגט עפּעס און דרייט אַוועק די קאָפּ. לייבקע פּאַרך נעמט זיך ניט צום האַרצן. ער לאַכט נאָך העכער, און באַלעקט זיך מיט זיינע גראָבע ליפּן.

האָראָוויץ טראַכט אַז ער וואָלט אים געדאַרפט נעמען פאַרן קאָפּ און אַרויסוואַרפן. אַזאַ גראָבער יונג: אַ פאַרשימלטער בחור, וואָס אַלע האָבן אים פיינט. צו וואָס לעבט ער? וואָס איז זיין מיסיע אויף דער וועלט?...

דורך דער האַלב אָפענער טיר באַטראַכט האָראָוויץ אַלע אַרבעטער פון שאַפּ. ביי דער ערשטער מאַשין זיצט זאַנוועל. ווי לאַנג

אַרבעט ער שוין פאַר אים ?... מוז שוין זיין אַ יאָר פינף און צוואַנ־ציק. ער געדענקט דעם ערשטן טאָג, ווען ער איז געקומען אין שאַפּ. ער האָט דעמאָלט געמוזט זיין אין די דרייסיקער, אָבער ער האָט אויסגעקוקט יינגער. עס איז געווען ווינטער, אָבער זאַנוועל האָט ניט געטראָגן קיין אויבערמאַנטל. אַ בוך אונטערן אָרעם, און אַ שוואַרצן קראַוואַט. ער האָט אים באַלד געוואָלט זאָגן אַז ער דאַרף ניט קיין אַרבעטער! וואָס פאַר אַ בעל־מלאכה קען אַזאַ נפש זיין ?... קוקט אויס ווי אַן ערשט־קלאַסיקער האלעדריגע. אָבער די ווערטער זיינען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. אַ רחמנות האָט אים אַרומגעכאַפּט. געטראַכט, זאָל ער אַרבעטן אַ פּאָר טעג. אָבער אַזוי זיינען שוין אַוועק פינף און צוואַנציק יאָר. זאַנוועל האָט שוין אייניקלעך. שוין לאַנג אויפגעהערט לייענען ביכער. אָבער הענט האָט ער גאָלדענע. זאָל ער נאָך לאַנג לעבן! אַזעלכע ווי ער וואַלגערן זיך ניט אויף דעם מיסט.

אין מיטן שאַפּ זיצן די פינישערס. אַלטע, יונגע, שוואַרץ און ווייס. זייער אויגן וואַנדערן פון איינער צו דער אַנדערער. ביים ברעג זיצט סיידי. קוקט נאָך אויס גוט. איר פּנים איז גלאַט און ווייך. די ליפּן אָנגעפאַרבט איידל. אירע גרויע אויגן לויכטן נאָך. איר קערפּער האָט נאָך אַ סך מיידלשקייט. האָראַוויץ גיט אַ שאַר מיט דער האַנט איבער די אויגן, ווי ער וואָלט אָפּגעווישט אַ שפּינוועבס. זכרונות פון ווייטע, פאַרגעסענע טעג, וועלכע ווילן ניט שטאַרבן. פאַרגעלטע בלעטער אויף די פליגלען פון ווינט ווען דער זומער איז שוין לאַנג פאַריבער.

דאָס ווייב האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. די קינדער זיינען געווען אין די אוניווערסיטעטן. ער האָט ניט געוואָלט אַז זיי זאָלן זיין אין די קליידער־געשעפטן. ער איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אַזוי רייך, אָבער ער האָט געהאַט אַ סך חלומות. ווען ניט דער ווייבס קראַנקייט וואָלט ער געווען אַ גליקלעכער מענטש. אָבער אַזוי איז דאָס לעבן. וואוהין עס פירט דער וועג, אַהין גייט מען. דאָס ווייב איז געלעגן פּאַראַליזירט אין דער היים, ניט געוואָלט גיין אין שפּיטאָל. זיינען קראַנקען־שוועסטער געווען מיט איר טאָג און נאַכט. זי איז געלעגן און געוואַרט אויף דעם טויט, וואָס האָט זיך ניט געאיילט צו קומען. און דעמאָלט האָט עפּעס פּאַסירט צווישן אים און סיידין; מעגלעך וואָס ס׳האָט געמוזט פּאַסירן.

סיידי האָט געהאַט אַ ליבן מאַן אָבער ניט קיין קינדער. טאָג

און נאַכט האָט זי געטראַכט וועגן קינדערלעך, וועלכע צאַפּלען זיך אין איר בויך. דער דאָקטאָר האָט איר געזאָגט אַז דער מאַן וועט איר קיינמאָל ניט געבן קיין קינד. זי האָט אים קיינמאָל ניט געזאָגט וועגן דעם. אָבער די נעכט זיינען געווען פאַר איר פול מיט קאָשמאַרן. די קישן נאַס פון טרערן. זי האָט געוואוסט אַז זי וועט שוין אַזוי אָפּלעבן אירע טעג, און אַז שטיינער וועלן ניט וואַקסן אין איר בויך. זי וועט זיין ווי אַ נאַקעט שטיינערנע פעלד.

האָראָוויץ איז דעמאָלט געווען זייער אומרואיק. שוין לאַנג ניט געהאַט קיין ווייב. ניט געוועזן דער מענטש צו נעמען אַבי אַ פרוי. סיידי איז געווען שיין ווי די זון. ער האָט געטראַכט וועגן איר אין זיינע שלאָפלאָזע נעכט. אָבער קיינמאָל ניט געהאַט דעם מוט צו איר ריידן עפּעס וועגן דעם. אָבער אַז ס'דאַרף פּאַסירן, וועט דאָס פּאַסירן. ווער ווייס וואָס פאַר אַ מיסטעריע איז דאָס מענטשלעכע לעבן ? . . .

עס איז געווען אַ זומער־טאָג. דער שטאָטישער גאָרטן האָט געשמעקט מיט זון. די ביימער צעפּראַלטע, פעלדער מיט בלומען, שיפלעך אויפן טייך מיט יונגע פּאָרלעך, געזאַנג און געלעכטער. האָראָוויץ האָט איבערגעלאָזן דעם לויערנדיקן טויט אין דער היים, ניט געקענט מער אויסהאַלטן פון דעם ווייבס טרערן.

האָראָוויץ האָט שפּאַצירט אין פּאַרק. זי איז געזעסן אויף אַ באַנק, געהאַלטן אַ צייטונג אין די הענט אָבער ניט געלייענט. זי האָט געקוקט גלאַט אין דער וועלט אַריין. און גאָט ווייס וואָס זי האָט געטראַכט. זי האָט אים דערזען און פאַרשעמט געשמייכלט. ער האָט איר פאַרשייט געפרעגט וואָס זי טוט דאָ אַזוי ווייט פון דער היים: „דו בעסער זאָג מיר דעם אמת! דו האָסט געוואוסט אַז איך וועל דאָ גיין שפּאַצירן און דו האָסט געוואַרט אויף מיר?” זי האָט זיך צעלאַכט, און האָראָוויץ האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר.

נו, אַז מען מוז וויסן, וואָס קען זי טאָן: ער איז דאָך דער „באָס”. ער קען דאָך איר מאַכן ברויטלאָז. זי איז ביי אים אין די הענט, וואָס קען זי טאָן. זי האָט אים לאַכנדיק דערציילט אַז איר מאַן איז אויף אַ באַזוך אין קאַנאַדע, ביי זיין מוטער. האָט זי באַשלאָסן גיין אין שטאָט־גאָרטן, שמעקן אַ ביסל פרישע לופט און אָנוואַרעמען די אַלטע ביינער אין דער זון. ער האָט איר געבעטן גיין מיט אים אין דעם

רעסטאָראַן וואָס איז טאַקע געווען אין שטאָט־גאָרטן. זי האָט זיך אַ ביסל געקווינקלט אָבער זי איז מיט אים מיטגעגאַנגען.

האָראָוויץ אַליין האָט זיך געפילט אומבאַקוועם, געשראָקן פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען. אָבער שפּעטער איז דאָס אַלץ פאַרשוואונדן. די מוזיק האָט געשפּילט, די ווענט דעקאָרירט מיט שיינע מאָלערייען, קאָלירטע לאָמפּן, און אַנגענעמע שטילקייט, אַ חלום געמישט מיטווירקלעכקייט. אַליין מיט איר אין אַ בודקע, מיט אַ גרויסן פענצטער צום גאָרטן. אַלץ איז געווען אַזוי נאַטירלעך, ניט געפּלאַנעוועט. ווייַן און דערוואַרטונג. נייַן, זי וועט אים ניט נעמען צו זיך אַהיים, דער מאַן איז טאַקע ניטאָ, אָבער די בעט, די קישן, זיין שאָטן, אַלץ דער־מאָנט איר אָן אים. זיי זיינען אַריין אין זיין קאַר, און געפאָרן צו זיין זומער־היים אין וועסטשעסטער. אַ הויז וועלכע שטייט שוין ליידיק אַ לאַנגע צייט. אַ הויז באַהאַלטן הינטער גרויסע דעמבעס און ביי די ברעגן פון אַ טייך.

אָבער עס האָט ניט געדויערט לאַנג. אַ פּאָר חדשים און אַלץ איז געווען פאָראיבער. גאָט האָט געהאָלפן, זי האָט פאַרשוואַנגערט. זי האָט אים באַגעגנט צום לעצטן מאָל. דעם טאָג איז זי צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. צום לעצטן מאָל איז זי געפאָרן מיט אים צו דער זומער־היים. דער זומער איז שוין געווען פאָראיבער. די ביימער מיט טויזנט קאָלירן. דאָס גראָז אַ ביסל פאַרגלעט. דער טייך באַגאָסן מיט האַרבסט־זון. זי האָט אים דערציילט אַז זי טראָגט אַ קינד, אַז דאָס וועט זיין אירס און זיינס. זי האָט אים פאַרשעמט געבעטן אַז קיינער דאַרף ניט וויסן פון דעם. זי וויל גאָרניט פון אים אויסער די געדעכעניש פון די פּאָר חדשים. געבעטן אַז ער זאָל איר מער ניט באַרירן. זיי זיינען געפאָרן שווייגנדיקע צוריק אין שטאָט. מיט דעם האָט זיך אַלץ פאַרענדיקט.

פּלוצעם — רויך — אויסגעשטויבטע ווענט. פאַרגאַנגענע טעג. דער זון האָט אַלץ איבערגענומען. ער איז פאַרשפּאַרט אין חדר און שפּינט דעם נעכטן. ער קען פאַר זיך קיין אָרט ניט געפינען. די שטאָט רוישט מיט לעבן. דער שאָפּ מיט מענטשן האָבן האָפענונג אויף אַ מאָרגן. ער אַליין ווי אַ שאָטן ווערט פאַרגליווערט.

מאַמאַ מיאַ! מאַמאַ מיאַ... ער ווייס אַז דאָס זינגט קעטרין, אַ מיטליאָריקע פרוי וואָס טרויערט איר גאַנץ לעבן. זי האָט זיך קיינמאָל ניט איינגעוואָרצלט אין אַמעריקע. קיינמאָל ניט אויסגע־

לערנט די שפּראַך, אַן אייביקע פרעמדע. אַמאָל האָט זי געהאַט האָ־פענונגען אַז זי וועט פאָרן צוריק אין איר זוניקער איטאַליע. איצט ווייס זי אַז דאָס וועט קיינמאָל ניט געשען. איר מאַן, אַנטאָני, איז געשטאָרבן און זי איז געבליבן מיט אַ קינד, אַ מיידל, וואָס איז שוין פאַרהייראַט. האָט שוין באַמבינאָס, און האָט ליב אַמעריקע, זי וועט שוין מאַכאַטשען ניט איבערלאָזן. דאָס איינציקע וואָס זי האָט אין לעבן: זינגט זי און בענקט, און חלומט.

ביי דער ענדע פון דער רייע מאַשינען, האַרט ביים וואַנט, זיצט הערש דער קלעזמער. ער איז אַן אָפּערייטאָר בייטאָג, און שפּילט זיין פידל אויף חתונות ביינאַכט. ער איז הויך און דאַר, האָט אַ שוואַרצע קוטשמע האָר, די ליפּן שמאָלע, בלוטלאָזע. ער לאַכט צו זיך אַליין, רעדט צו די ווענט. אַלע ווייזן מיטן פינגער אויפן שטערן, אַז ער איז אַביסל ניט מיט אַלעמען. ער האָט ניט קיין פריינט אין שאַפּ. באַגריסט ניט קיינעם, רעדט ניט קיין וואָרט. וויגט זיך ווי אַ שאָטן, גייט אַוועק ווי אַ שאָטן. אָבער די נעכט איז ער אַנדערש: מוזיק און טענץ, טענער רייסן זיך פון פידל און פון זיין האַרצן. ער שוועבט אין די וואָלקנס צו דעם ערגעץ לאַנד.

מאַרטאַ וואַשינגטאָן רייניקט די דרעסעס. איר הויט שיינט מיט שוואַרצקייט. זי איז שווער, אַ באַרג פלייש הענגט איר נאָך ווי זי זאָל זיך ניט באַוועגן. ער וואונדערט זיך ווי זי קען שטיין אויף די פיס. זי איז אָבער אַ פריילעכע לונג און לעבער. זייער רעליגיעז און רעדט נאָר פון גאָט. זי האָט גאָרניט וואָס צו זאָרגן. דזשיזוס וועט זי ניט פאַרלאָזן! „הי איז איי מייטי גאָד!" ער איז אַלע מאָל מיט איר, זאָגט זי ... און ווען זי לאַכט קען מען זי הערן איבערן גאַנצן שאַפּ. דער בויך און די ברוסטן און דער הינטן טרייסלען זיך ווי „דזשעלאָ". גאָט איז גוט צו איר. ניט קיין מאַן, ניט קיין קינדער. אַ לאָך אין וואַנט פאַר אַ חדר. אָבער זי ווייס ווען דער וועג וועט זיין פאַרענדיקט וועט דזשיזוס וואַרטן אויף איר ביי די טויערן פון אייביקייט. זי וועט זיצן ביי זיינע פיס און וועט איינאָטעמען די פרייד וואָס וועט זיין אייביק אירע.

יאָסל דער פּרעסער איז מיט אים זינט ער האָט געעפנט דעם שאַפּ. דעמאָלט איז ער נאָך ניט געווען קיין באַוויבטער. איצט, דאַנקען גאָט, האָט ער שוין אייניקלעך. געווען אַ יונגער מאַן מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר און גרויע, יונגע אויגן. אָבער איצט האָט ער אַ

נאַקעט, גלאַנציקע קאָפּ, ווייסע ברעמען, אַ פאַרקנייטשטן שטערן און מידע, אויסגעלאָשענע אויגן. קיין נחת פון די קינדער האָט ער ניט. פרעמדע, ווייטע, קומען זעלטן אים באַזוכן. געשיקט זיי אין אוניווער־סיטעטן, געשטרעבט זיי צו געבן וואָס מער בילדונג, געוואָלט אַז זיי זאָלן האָבן אַ בעסער לעבן ווי ער. נאָר וואָס האָט ער פון דעם אַלעמען? עלנט ווי אַ שטיין. שעמען זיך די קינדער מיט אים! גוט וואָס דאָס ווייב איז געשטאָרבן, איר האַרץ וואָלט צעבראָכן געוואָרן פאַר ווייטיק.

האָראָוויץ פאַרמאַכט שטיל די טיר. ער בלייבט אַליין מיט זיינע פאַרשטויבטע ביכער. ער בלעטערט זיי און זעט ניט קיין וואָרט. ער טראַכט מיט שטיקלעך אָפּגעריסענע געדאַנקען. אַ בילד אויף דער וואַנט, אַ לאַנדשאַפט, ציט זיין אויפמערקזאַמקייט. אַ בוים וואַקסט אין אַ זומפּ. אומעטום ווילדע גראָז און ריטשקעס וואַסער. ווייט אין הינטערגרונט בערג פון גרויען שטיין. ער פילט אַז דער זומפּ, דער איינזאַמער בוים איז זיין איצטיק לעבן. אַז די בערג וועט ער קיינמאָל ניט דערגרייכן.

אַלס אַ קינד האָט ער געהאַט אַ חלום. ער האָט אַלע מאָל אַרויפ־געקוקט צום הימל. ניט געוואָלט זיין אַזאַ מענטש ווי אַלע מענטשן. העכער, העכער, פלעגט וואַנדערן זיין בליק. געוואָלט אַלץ פאַרשטיין, אַלץ באַנעמען. און וואָס איז געוואָרן פון דעם אַלעמען? וואָס איז געוואָרן פון די חלומות?...

דער טאַטע איז געווען זייער רעליגיעז. געגלויבט אַז גאָט קוקט אַרונטער פון די הימלען און באַשטימט יעדנס שיקזאַל, ווייס יעדן געדאַנק פון די מענטשן. און אַוואו דער וועג זאָל ניט פירן, קערט מען זיך אום צום מקור, צום אָנפאַנג. וואָס עס זאָל ניט זיין, דרייט מען זיך אין אַ קרייז וואָס האָט ניט קיין אָנפאַנג און קיין ענדע. אַלע וועגן פירן צו גאָט. אַז מען געפינט אין גאָטס גאָרטן פרידן און פרייד, אַז דאָרטן וועלן אַלע מענטשלעכע נאַרישע פראָבלעמען פאַר־ווישט ווערן ווי שטויב.

לעצטנס פילט האָראָוויץ אויך אַזוי! ער טראַכט, אַז דער גאַנצער אוניווערז איז פול מיט אַ גרויסן באַוואוסטזיין; אַז אַלץ וואָס איז דאָ איז באַשאַפן געוואָרן לויט אַ גרויסן פּלאַן, אויסגעוועבט אויף גאָטס קאַנווע. אַז דער מענטש וועט קיינמאָל ניט פאַרשטיין די גרויסע גע־היימניש וואָס איז גאָט... און ער טראַכט, אַז דער מענטש איז מער

ניט ווי אַ שטויב און שוועבט אַרום אין רוים אָן אַ באַוואוסטזיין און אָן אַ תוך. און אַמאָל פילט ער אַז עס קען אַזוי ניט זיין. דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אין דעם פורעם פון געטלעכקייט. אַז נאָך דעם ווען עס וועט אַלץ זיין פאַריבער, וועט ער זיך אומקערן צוריק צו אים.

איבער דעם האָדסאָן נידערט אַרונטער די פינצטערניש. די מאַ־שינען ווערן פאַרשטילט. די אַרבעטער פאַרלאָזן דעם שאַפּ. — נאָר דזשימי בלייבט איבער און ער וועט רייניקן ביז אַלץ וועט זיין זוי־בער, און יעדע זאַך וועט זיין אין אָרדענונג. ער זינגט אַ קאַבאַרעט־לידל מיט אַ סעקסועלן אונטערטאָן, און טאַנצט אויס זיין יעדע באַ־וועגונג. ער איילט זיך ניט. ער האָט ניט וואו צו גיין. ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד. ער טראַכט גאָרניט, וויל גאָרניט. וועט גאָט אים רופן וועט ער גיין אָן שום טענות. ווער איז ער, זיין אַן עפּעס ביי דער וועלט?... געבוירן געוואָרן פון שטויב, און צו שטויב וועט ער זיך אומקערן.

אין דרויסן פאַלט אַ קאַלטער רעגן. האָראָוויץ קוקט אויף דעם פאַררעגנטן פענצטער, טראַכט און ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין. וואוינט אין דריי חדרים אין אַ האָטעל לעבן סענטראַל פּאַרק. ער וויל בעסער זיין צווישן מענטשן. ער שרעקט זיך צו זיין אַליין און טראַכטן וועגן זיין איינזאַמקייט. ער ווייס אַז אַלץ איז אָפּגעריי־ניקט, אַלץ איז אין אָרדענונג. אָבער ער ווערט פאַרלוירן צווישן די ווענט און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. די בילדער אויף די ווענט, סצענעס און לאַנדשאַפטן, די סקולפּטור און שניצערייען פון אינדיע און כינע. ער איז אומעטום, און אין ערגעץ ניט. אַפילו די טעפּ מיט בלומען אין די ווינקלען פון צימער קאָנען ניט ברענגען קיין פרילינג אין זיין האַרצן.

אַלץ דערמאָנט אים אָן פלאָרענס. יעדער פּיצעלע וואָס איז דאָ אין הויז דערמאָנט אים אַז דער ווייבס איידעלע פינגער האָבן אַלץ אַזוי אויסגעלייגט. ער דערמאָנט זיך ווי ווייס און צאַרט זיינען געווען אירע הענט. לאַנגע פינגער ווי ביי אַ קינסטלערין, אַ קאָפּ ווייסע זיידענע האָר, איר פּנים בלייך מיט אַן איידעלע ווייסקייט. זי האָט געהאַלטן אין איין פאַרלירן וואָג ביז זי איז געוואָרן ווי אַ שמעטער־לינג און האָט קוים באַרירט די ערד. אירע אויגן האָבן קיינמאָל ניט

פאַרלוירן דעם גלאַנץ. די קראַנקהייט האָט פאַרצערט איר קערפּער, אָבער קיינמאָל ניט דאָס אינערלעכע פייער.

הראָוויץ שפּאַנט אַרום אין חדר און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. ער פילט אַזוי איינזאַם און אַליין, שוין צען יאָר אַז זי איז געשטאָרבן און איז נאָך אַלץ מיט אים. די נאַכט, די פינצטערניש, די שטערן אין הימל, אומעטום איז זי דאָ. זי האָט געמאַכט אַ נעסט אין זיין האַרצן, און וואַרט דאָרט אויף אים, וואַרט אויף זיין לעצטן אָטעם. זי ווייס אַז וואָס עס זאָל ניט זיין — זיין וועג וועט פירן צו איר. ער דערמאָנט זיך אָן די לעצטע מינוטן אירע. אַלץ ווייטיקט אין אים און צערייסט זיין האַרץ. ער שטייט ביים פענצטער וואָס קוקט אַרויס צום גאָרטן. שטיינערנע בענק, עטלעכעביימער, סימנים פון בלומען וואָס בליען אין זומער אין פאַרשיידענע קאָלירן. סטאַטוען — טאַנצנדיקע מיידלעך. אַ סך אָוונטן האָט ער אַרונטערגעקוקט און זי געזען דאָרטן. זי שפּאַצירט אַרום און וואַרט אויף אים. הויך, מיט לאַנגע פלאַבעס, די האָר פאַרקעמט אויף אַרויף. זי בלאָנדזשעט אַרום אין די שאָטנס אין ערגעץ לאַנד.

זי האָט געשריבן לידער ביז דער טויט האָט זי פאַרשטומט. ער הערט דאָס שעפּטשען פון אירע ליפּן ווי דאָס צערטלען פון ווינט:

וואוהין וועט מיין וועג פירן, וואוהין ?
וועל איך אין די אייביקייטן געפינען רו ?
אָדער בלאָנדזשען אייביק מיט די שטערן ?
אָדער אין קאָסמישן שטויב פאַרוואַנדלט ווערן,
אָדער אייביק זוכן און גאָרניט געפינען ?
אָדער דעם חלום פון זיין ווייטער שפּינען.

דעם זעלבן טאָג האָט זי פאַרמאַכט אירע אויגן אויף אייביק. איר אָטעם איז פאַרלוירן געוואָרן. איצט שטייט הראָוויץ מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן דער קאַלטער שויב. איר שטימע קומט מיט די כוואַליעס פון אייביקייטן. ער שטייט ווי אַ שאָטן פאַרלוירן אין דער נאַכט. אַלץ מישט זיך אין קאָפּ. מאַשינען רוישן, שאָפּ, מענטשן, האַלב נאַקעטע מאָדעלן, סיידי די פינישערין מיט זיין קינד וואָס ער טאָר ניט זען. בענדזשאַמין, זיין זון, וואָס איז ווייט און פרעמד. ער קוקט אויף די שטערן זוכנדיק אַן ענטפער. אָבער די נאַכט איז פאַרגליווערט. און אין הויז איז מוראדיק שטיל. און קיין ענטפער איז ניטאָ. ניטאָ!

# נאַר גאָט ווייס

„אַ שניידער נייט אַ גאַנצע וואָך,
פאַרדינט אַ גראָשן מיט אַ לאָך"

אַ קורצער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ רויט פּנים, טרערנדיקע אויגן און האַלט אין איין הוסטן. דער סיגאַרעט אַלע מאָל אין מויל. ער רעדט ניט, נאָר שרייט מיט אַ הייזעריקער שטימע און דערגייט די געזעלן די יאָרן. קיינער ענטפערט אים ניט, קיינער הערט זיך ניט צו. דאָס ווייב זיצט ביים וואַרעמען אויוון און פליקט פעדערן. זי איז אַ הויכע, אַ דאַרע מיט ראָזעווע באַקן און רויטע ליפּן. די קינדער זיינען אין חדר. לייבל וויל זיי זאָלן לערנען. ער וויל ניט, אַז זיי זאָלן ווערן שניידער און פּינצטערן ווי ער.

צוויי געזעלן זיצן ביי דער אַנדערער זייט טיש. משה איז אַ יאָר צוועלף, בלאָנד ווי אַ שגץ. אַ געזונטער, אַ לאַכעדיקער, נעמט זיך פון גאָרניט צום האַרצן. טאַטע־מאַמע זיינען אין דאָרף, דאָס גאַנצע לעבן צווישן גויים. איצט איז ער אויף קעסט ביי לייבל דעם שניידער. ווען ער וועט ווערן אַ פּאַכמאַן וועט ער אַוועקפאָרן קיין אָדעס קריגן דאָרט אַ שטעלע. ער וועט זיך קויפן שיינע קליידער און שיינענדיקע שטיוול. ער לערנט זיך מיט חשק. ער וויל וואָס שנעלער פּטור ווערן פון לייבלען און פונעם שטעטל. אַהיים קומט ער יעדע פּאָר וואָכן אויף שבת. ער טוט דאָס אָן חשק און קען קיינעם ניט ליידן אין דער היים.

זלמן, דער צווייטער געזעלן, איז געווען אַנדערש. צו אַכט יאָר איז אים דער טאַטע געשטאָרבן. די מאַמע האָט זיך געמוטשעט אַ פּאָר יאָר און אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. איז ער געבליבן אַ קיילעכ־דיקער יתום צו צען יאָר. דער רב האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף אים מאַכן פאַר אַ שניידער און זיך דורכגערעדט מיט לייבלען. גע־רופן הילדען און איר אָנגעזאָגט, אַז זלמן איז אַ יתום, און אַז גאָט וועט אַרונטערקוקן פון הימל, היטן וואָס זי טוט. הילדע האָט אים

פאַרזיכערט, אַז זי וועט זיין אַ מאַמע צו זלמנען. זאָל דער אויבער־שטער פאַר דעם העלפן אירע קינדער.

אָבער זלמן איז געווען אַ שלימזל. זיך ניט אויסגעטויגט צו דער מלאכה, ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. זיינע אויגן האָבן אַלע מאָל געקוקט צום פענצטער אין דעם דרויסן. אַ פּאָר גרויסע קאַשטאַנען ביימער האָבן זיך אַלע מאָל געשפּילט אין זון און אין שאָטן, ווינטער פאַרדעקט מיט שניי, זומער מיט בליאונג. אַ ביסל ווייטער אַ רויט־געפאַרבטער שפּייכלער מיט קליינע פענצטער הויך ביים דאַך.

לייבל האָט שיעור ניט געפּלאַצט! ווען ער קען כאָטש זיך אויס־שרייען אויף זלמנען! אָבער ווי קען ער דאָס טאָן אויפן יתום? גאָט וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעבן! האָט ער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. רייד זיינען געווען אַרויסגעוואָרפן. זלמן האָט געקוקט אויף אים און ניט געוואוסט וואָס ער רעדט. לייבל האָט באַשלאָסן אויפצובעמען דעם ענין מיטן רב.

אָבער, אַז גאָט וויל פּאַסירט אַ נס. זוכט זיך אָפּ עמעצער אין אַמעריקע. עמעצער וואָס איז פון אַ ווייטער משפחה. זלמן האָט אַפילו ניט געוואוסט פון זיין גליק. אַ ייד, מיטן נאָמען משה אייגנבליק, האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל מיט דרייסיק יאָר צוריק און געוואָרן רייך. איצט האָט ער זיך דערמאָנט אָן די פריינט וואָס ער האָט איבערגע־לאָזן און געשריבן אַ בריוו צום רב. אַזוי איז זלמן געהאָלפן געוואָרן.

זלמן האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין. אַלץ איז שוין געווען צו־געגרייט. די שיפסקאַרטע האָט מען געקראָגן אַ פּאָר וואָכן פריער. נאָר די פּאַפּירן זיינען ניט געווען פאַרטיק. וואָס פאַר אַ פּאַפּיר האָט זלמן ניט געוואוסט. אָבער די הויפּטזאַך איז געווען וואָס אין אַ פּאָר חדשים וועט ער ווערן דרייצן יאָר אַלט. ער וועט אָנהייבן לייגן תפילין. זיין קינדהייט וועט זיין פאַריבער. ער וועט זיך פילן אויסגע־וואַקסן און דאַרפן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים.

דערווייל איז ער געווען פריי ווי אַ פויגל, פריילעך און לאַכעדיק. די קינדער פון שטעטל האָבן אים מקנא געווען, און ער האָט זיך געגרויסט און געבלאָזן ווי זיי וואָלטן שוין ניט געווען זיין גלייכן.

עס איז געווען שפּעט אין פרילינג. די ביימער האָבן געבליט מיט די לעצטע בליאונגען. אין דער לופטן האָט זיך געפילט דאָס אָנ־קומען פון זומער. די ווילדע בלומען זיינען געוואַקסן צווישן די

גראָזן. פון די עפּל־ביימער איז אַרונטערגעפאַלן דער צוויט און זיך פאַרשפּרייט אונטער די ביימער. די וואַסערן פון טייך האָבן זיך גע־שפּיגלט און זונען־שיין.

מיט אַ מאָל האָט זלמן זיך דערפילט זייער אומעטיק. ער האָט אַרומגעוואַנדערט אין וואַלד און עס איז ניט געווען קיין פרייד אין זיין האַרצן. באַלד וועט ער דאָס אַלץ דאַרפן פאַרלאָזן, אַוועקפאָרן אין דער פרעמד און וואָס זועט ער דאָרטן געפינען? וואָס וואַרט אויף אים?... ער וועט אַריינפאַלן אין דער גרויסער, גרויסער וועלט פון פאַרלוירן ווערן. פרעמדע מענטשן. אַ פרעמדע שטאָט. וואָס וועט ווערן פון אים דאָרטן?...

ער וואַנדערט אַרום מיט אַזאַ ווייטיק... נאָך אַ פּאָר חדשים זיינען אים פאַרבליבן. ער קען ניט נעמען קיין ביסל שפּייז אין מויל. ער זיצט אויף אַ קלאָץ ביים טייך, האַלט די באָרוועסע פיס אין וואַסער. אויף דעם צווייטן זייט ברעג אַ יונגער וואַלד מיט בערעזאָווע ביימער. ער זעט די שיקסעס וואַשן וועש, זיי רעדן און זינגען. די זון האָט זיך צעשטראַלט און שפּיגלט זיך אָפּ ווי אַ רעגנבויגן אין וואַסער. פייגל פליען און פאַרשווינדן.

די שווערע רייזע איז פאַריבער. מיט אַמאָל איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקע שטאָט וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין דער וועלט. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ חלום; אַז ער איז נאָך אין דעם קליינעם שטעטל און ליגט אויף דעם וואַרעמען אויוון און חלומט, אַז דער שניי קלעפּט זיך אָן די שויבן און דער פראָסט מאָלט פאַרשיידענע אוזאָרן, אַז דער ווינטער און די קעלט דרינגען אַריין דורך די פאַרמאַכטע פענצטער. ער ציטערט און קען זיך ניט אָנוואַרעמען.

דאָס שיפל האָט געשניטן דאָס וואַסער, זיך געיאָגט צו דער באַ־לויכטענער שטאָט. די טורעמס האָבן געשטאָכן די נאַכטיקע הימלען. אַ שניי איז געפאַלן, דער ווינט איז געווען אַ קאַלטער. אָבער זלמן איז געשטאַנען אין דרויסן און ניט געקאָנט די אויגן אַרונטערנעמען פון די וואונדער וואָס זיי האָבן געזען. אינעווייניק, הינטער פאַרמאַכטע טירן, זיינען געשטאַנען זיין ווייטער קאָזין מיט דער ווייב. זיי האָבן זיך באַהאַלטן פון דער קעלט און ווינט.

זיין קאָזין, אַ הויכער און אויסגעדאַרטער, מיט נאַסע אויגן און דינע ליפּן, די הענט ציטערן ביי אים, רוען ניט. דער קאָפּ אַ נאַקע־

טער, אַ פֿאַרשפּיצטער, נאָר ביי די זייטן וואַקסן אַ פּאָר האָר גלאַט אין דער וועלט אַריין. זלמן ווייס ניט וואָס צו טראַכטן פֿון דעם מענטשן.

זיין ווייב, איטקע, איז קורץ און דיק, פֿרעגלט זיך אין שמאַלץ. אַ העפּטיקע, שלעפּט זיך קוים אויף אירע פיס. די באַקן בליען מיט ראָזעווע פאַרב, אירע אויגן שוואַרצע, מיט ברוינע ברעמען. זיי זיינען פול מיט צער. ער פילט, אַז ער וועט זי ליב האָבן, און זי אים אויך...

זלמן ליגט אין בעט און טראַכט, און טראַכט. ער וועט שוין באַלד אַלט זיין פערצן יאָר. ער איז שוין אויסגעוואַקסן, מען דאַרף שוין טראַכטן וועגן אַ תכלית. ער איז שוין דריי חדשים אין אַמעריקע און טוט נאָך גאָרניט. ער וואָלט געוואָלט לערנען, וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. זיין קאָזין שוויגט, און איטקע קעכלט אים: „עס, זלמן, דו ביסט אַזוי אויסגעדאַרט, די ביינער דיינע צעפּאַלן". זי שטופּט אים אונטער אַ פּאָר סענט, גיט אים אַ גלעט איבערן קאָפּ און זאָגט: „גיי אַביסל אין גאַס. גיי באַקען זיך מיט אַמעריקע, קינד. עס איז אַ וואונדערלעך לאַנד!"

אָבער זלמן איז אומעטיק, עפּעס איז ניט ווי עס דאַרף צו זיין. וואָס עס איז ווייס ער נים. ער פילט זיך פרעמד און דערשראָקן. ווען ער גייט אין גאַס דוכט זיך אים, אַז די גרויסע געביידעס פאַלן אויף אים, דאָס געשריי און דער טומל צערייסן די אויערן. דער גע־לויף פֿון די מענטשן איז מוראדיק, ווי אַ גרויסער שטראָם וואָלט זיך אייביק געגאָסן. ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער געוויינט אין מיטן גאַס.

ווען דער זומער איז אַוועק און די האַרבסטיקע ווינטן האָבן זיך צעהוליעט, האָט דער קאָזין משה זיך אַוועקגעזעצט און מיט אים גע־האַט אַ שמועס. איטקע איז אין הויז ניט געווען. זלמן האָט זי אַרומ־געזוכט מיט די אויגן. ער האָט זיך אַביסל געשראָקן פאַר דעם מאָד־נעם מענטשן. ער האָט געהאַלטן די אויגן אַרונטערגעלאָזן און מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ געוואַרט צו הערן וואָס דער קאָזין האָט אים צו זאָגן.

משה האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים, זיך אויסגעהוסט און געקוקט מיט די וואַסערדיקע אויגן. ער האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער דעם שפּיציקן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן: „איך האָב אַ

גרויס געשעפט. איך באַשעפטיק אַ סך אַרבעטער. איך האָב גענוג געלט פאַר צען לעבנס. אָבער גאָט האָט אונדז געשטראָפט און ניט געגעבן קיין קינדער. מיר זיינען ווי אַ נאַקעט פעלד, אָן גראָז, אָן ביימער. איך וויל ניט, אַז מיין האָרעוואַניע זאָל אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט. איך וויל, אַז עמעצער פון מיין אייגן בלוט און פלייש זאָל איבערנעמען אַלץ, ווען גאָט וועט אונדז רופן צו זיך.

דו ביסט דער נאָענטסטער צו מיר. דו וועסט זיין אונדזער קינד, ווי דו וואָלסט געקומען פון איטקעס בויך. מן הסתם איז אַזוי באַ־שערט פון גאָט. דעריבער, וויל איך, אַז דו זאָלסט גיין זיך לערנען. די פרייע צייט וואָס דו וועסט האָבן וועסטו זיין מיט מיר און זיך באַקענען מיט מיין געשעפט. דו וועסט מוזן זיין גרייט איבערצונעמען אַלץ אויב עפּעס וועט פּאַסירן מיט מיר. דו וועסט דאַרפן אַכטונג געבן אויף איטקען, ווי זי וואָלט געווען דיין מאַמע. זי האָט דיך ליב. זע, אַז דו זאָלסט פאַרדינען דעם צוטרוי וואָס מיר האָבן צו דיר און זיי אַ מענטש".

און זלמן איז געגאַנגען אין שול, זיך געלערנט, און יעדע פרייע מינוט פאַרבראַכט אין קאָזינס געשעפט. צוערשט איז ער געווען גע־פלעפט פונעם וואונדער: אַזאַ ריזיקער הויף פול מיט מעטאַל און צעבראָכענע מאַשינען. בערג גאַנצע, איינע אויף די אַנדערע ווי טורעמס צעשמעטערטע אויטאָמאָבילן. הענדלער פלעגן קומען און אויסקלייבן וואָס זיי דאַרפן. דערנאָך פלעגט מען דאָס אָנלאָדן אין גרויסע טראָקס און עס פאַנאַנדערפירן איבערן לאַנד. אין האַפן פלעגן קומען באַרדזשעס און שיפלעך, זיך אָנלאָדן מיטן מעטאַל און אַוועק, גאָט ווייס וואו.

אַלץ איז געווען ווי אַ כישוף. עס איז געווען ווי אַן אייביקע שפּיל פון פאַרבן. ווען דער טאָג איז שוין געווען פאַריבער, איז זלמן נאָך געבליבן ביים ברעג און געזען ווי די זון פאַרגייט. אַ מוראדיק פייער האָט געצונדן די וואַסערן און געשאַפן אַ פאַנטאַסטישע וועלט. קעגנ־איבער, דער וועג צו ברוקלין; פאַבריקן מיט הויכע קוימענס, צע־צונדענע פייערלעך אין די פענצטער, שלעפּ־שיפן און באַרדזשעס קריכן פּאַמעלעך איבער דעם „איסט־ריווער". אַ זשומען פון דער מעכטיקער ריזן־שטאָט. דער אָטעם פון מיליאָנען מענטשן. אַלץ איין גרויסער חלום, איין מעכטיקער שטראָם.

און זלמן איז געוואָקסן ווי אַ דעמב, געוואָקסן הויך און שטאַרק.

דערהויפּט האָט אים פּאַראינטערעסירט די הויב־מאַשין, אַ ריז, וועל־כער האָט געוואַרט אויף די מענטשלעכע הענט צו געבן אים לעבן. עס האָט געקענט בערג צעשמעטערן. אַנדערע מאַשינען, וועלכע האָבן צעשמעטערט די מעטאַלן און זיי צעדרייט, געהאַמערט און צוזאַמענגעקוועטשט, איידער מען האָט זיי אַנגעלאָדן אין די באַרדזשעס.

ער איז ניט געווען דער זעלבער זלמן, וואָס האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל מיט דריי יאָר צוריק. עפּעס איז פאַרלוירן געגאַנגען אין אים אויף אייביק.

נאָר פון צייט צו צייט האָט אים געריוועט אין האַרצן. נאָך דער אַרבעט איז ער נאָך געבליבן אַליין ביים וואַסער, צייט געהאַט, ווען ער איז ניט געגאַנגען אין שולע. דער קאָזין האָט גאָרניט געזאָגט, און איטקע האָט אים אָנגעקוקט און געשוויגן.

ביים הילצערנעם האַפן זיינען געווען פאַראַנקערט די באַרדזשעס און שלעפּ־שיפלעך. אַ טייל פון דער מאַנשאַפט האָט געהאַט זייערע היימען דאָרטן. זיי האָבן געהאַט ספּעציעלע קאַבינס, געוויינטלעך פון איין צימער, וואו אַלץ איז געווען צוזאַמען. קיין קינדער זיינען ניט געווען. אַ סך האָבן געהאַט זייערע וואוינונגען אין די אַלטע הייזער, ניט ווייט פונעם איסט־ריווער. אָבער די מערסטע צייט זיינען זיי געווען אויף זייערע שיפלעך. זיי האָבן זיך קיין מאָל ניט געכאַפּט צו גיין אַהיים. זיי פלעגן טרינקען, זינגען און זיך פאַרוויילן.

ווען זלמן פלעגט קומען אַהיים, איז אים געוואָרן אומעטיק. זיין קאָזין האָט זעלטן גערעדט. איטקע האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זי איז צופרידן מיט איר לעבן. ווען זלמן איז געקומען, האָט איר פּנים אויפגעלויכטן. זי האָט פאַר אים צוגעגרייט דאָס בעסטע עסן און טרינקען, געשטאַנען לעבן אים און אָנגעקוקט. „עס נאָך אַביסל, קינד מיינס. משה זאָגט, אַז דו אַרבעטסט זייער שווער. וואָרום דאַרפסטו דאָס, טאַטעלע? וואָס ווילן מיר טאָן מיט אונדזער האָב און גוטס? עס וועט זיין אַלץ פאַר דיר, אַלץ פאַר דיר". אָבער קיין זאַך האָט אים ניט געהאָלפן. עס איז אים געווען אומעטיק ביז צו שטאַרבן.

ער האָט געוואוסט, אַז דער קאָזין איז שטיין־רייך און ניט גע־קאָנט פאַרשטיין זייער לעבן. פינף־און־צוואַנציק יאָר אין דער זעל־ביקער הויז, די זעלבע צימערן. דער קאָרידאָר פינצטער און לאַנג און עס שמעקט מיט שטויב. אַרויפגעקראָכן די שמאָלע שטיגן און

נאָכאַמאָל אַ לאַנגער קאָרידאָר, באַלויכטן מיט אַ קליין לעמפּל. די צימערן, די זעלבע, אָנגעשטאָפּטע מעבל מיטן שטויב פון אייביקייט. די בילדער אויף די ווענט די זעלבע, אַ פּאָר יידן מיט לאַנגע בערד, איינגעוויקלט אין טליתים. אַ בילד פון כותל מערבי. אויף די פענצ־טער אַ פּאָר וואַזאָנעס. אַ שאַפּע מיט ספרים מיט פאַרגעלטע בלעטער און שטויב. אין מיטן, דער קאָזין משה דרייט זיך אַרום און ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך.

אין זיין צימער האָט זלמן געפילט רואיקער. אַ גרויס פענצטער צום גאַס. עס איז טומלדיק, דאָס לעבן שפּרודלט דאָרטן. עס צאַנקען אויס די ליכט אין פענצטער און די גאַס ווערט לייזדיקלעך. די נאַכט דרינגט אַריין אומעטום. מענטשן זיינען מיד פון לעבן און באַהאַלטן זיך אין די פאַלדן פון דער נאַכט. טוליען זיך צו די ווייבער, שושקען איינע די אַנדערע און באַהעפטן זיך. די קינדער חלומען וועגן אַ וועלט וואָס איז פאַרבאָרגן פון די דערוואַקסענע און די עלנטע שטיקן זיך מיט זייער אומעט.

און ער, זלמן, איז אַליין מיט זיינע געדאַנקען. ניטאָ מער קיין צאַרטקייט אין אים. ניטאָ דאָס שטעטל וואו ער איז געבוירן. ניטאָ קיין טאַטע־מאַמע! און די קאַשטאַנעןביימער וואַקסן ניט ביים טיר. און די שטערן ווערן אויסגעבלייכט פון די ליכט פון שטאָט און די טייכן און פעלדער זיינען מער ניטאָ. עס איז נאָר געבליבן אַ שווער געמיט, אַ בענקעניש נאָך אַ גאָט. די גרויסע הויב־מאַשינען, דער האָדסאָן, די שלעפּ־שיפן, באַרדזשעס און צעריסענע געדערים פון מאַשינען. און ער אין דער טויטער, אומעטיקער היים. צווישן די קאַלטע ווענט איז דער אָטעם פון לעבן פאַרגליווערט געוואָרן.

און נאָך אַ טאָג, און נאָך אַ יאָר. ווער איז ער, און וואָס איז ער?... וואוהין וועט זיין וועג פירן, אַוואו?... ער איז שוין אַכצן יאָר און אַלץ איז נאָך דאָס זעלבע. ער קען אין הויז מער ניט איינ־זיצן, קען מער דאָרט קיינעם ניט ליידן! זיין קאָזין, משה, קרענקט צו ביסלעך, ער רעדט וועגן פאַרקויפן זיין געשעפט און זיך אַריבערקלייבן אין פלאָרידאַ. זלמנען האָט ער שוין לאַנג פאַרגעסן — שוין לאַנג אויפגעגעבן. ער וועט קיינמאָל גאָרניט זיין. אַרויסגעוואָרפן די מי, אַרויסגעוואָרפן דאָס געלט. אַ קליינשטעטלדיקער יאָקל, דאָס אַלץ וואָס ער איז. ער האָט גערעדט צו איטקען מיט אַ צערייצטער שטימע, פּונקט ווי זי וואָלט געווען די שולדיקע. זי האָט ניט געענט־

פערט, נאָר זיך געהאַלטן ביים קאָפּ און זיך געוויגט הין און צוריק און אירע אויגן זיינען געווען נאַס פון טרערן.

זלמן האָט זיך צוגעהערט און געשטאַנען פאַרגליווערט אויפן אָרט, זיך ניט גערירט. זיי האָבן אים ניט געהערט אַריינקומען. איז ער שטילערהייט אַוועק אין זיין צימער. ער איז געבליבן שטיין ביים פענצטער און פרובירט טראַכטן. אָבער דער קאָפּ זיינער איז געווען פול מיט גליווער. דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין דער קאַלטער שויב, די אויגן פאַרמאַכט און די טרערן זיינען גערונען איבער זיינע באַקן. טרערן פון באַפרייאונג. טרערן פון לאַנגן וואַרטן. טרערן פון אַ מאָרגן אָן צוזאָגונגען און האָפענונגען.

זלמן האָט געוואוסט, אַז די צייט איז געקומען. ער האָט נאָר גע־וואַרט ביז אין הויז איז שטיל געוואָרן. ער האָט גענומען אַ פּאָר זאַכן, זיי צוזאַמענגעלייגט אין אַ קליינע וואַליזע און איז שטיל אַרונטער די טרעפּ. אין דרויסן איז געווען קיל, אַ ביטערער ווינט האָט זיך גע־דרייט און געשריען. דער שטאָטישער זייגער האָט געקלאַפּט צוויי. ער איז געשטאַנען ביים טיר און ניט געוואוסט וואו מען גייט. ער האָט געטראַכט, וואָס איז דער אונטערשייד וואו מען גייט? דער עיקר איז דאָס גיין. אינסטינקטיוו זיינען זיינע פיס געגאַנגען צו אַ באַן־סטאַנציע. אַפילו שפּעט ביינאַכט זיינען דאָרט געווען מענטשן. מען איז געזעסן אויף די בענק און געוואַרט. אין דעם גרויסן זאַל איז געווען באַוועגונג. מען פאָרט און מען קומט. וואו!... ווען! . . . און פאַרוואָס? . . . מענטשן זיינען אומרואיק און ווילן אַנטלויפן פון זיך אַליין, אָדער זיך באַפרייען.

אַ באַן וועט אין גיכן אָפּפאָרן קיין „סאַן פראַנציסקאָ". זלמן איילט זיך צו קויפן אַ בילעט. איילט זיך און קומט אין צייט איידער די טירן פאַרמאַכן זיך. ער קריגט אַ פּלאַץ, זעצט זיך לעבן אַ גרויס פענצטער און קוקט אין דרויסן. ער הערט דעם אָטעם פון לאָקאָמאָטיוו און באַלד איז אַלץ אין באַוועגונג! ער, זלמן, אויך! וואו? . . . וואוהין? . . . און פאַרוואָס? . . . גאָט וייס, גאָט וייס!

# אין פלאָנטער

אַ שאָפּ, ווי אַלע שעפּער. מענטשן — די זעלבע אומעטום — גוטע און שלעכטע, קלוגע, נאַרישע און גלאַט מענטשן. מענטשן, וועלכע בענקען נאָך עפּעס אַנדערש. מענטשן אומצופרידענע און ווייסן אַליין ניט וואָס זיי ווילן. מענטשן, וועלכע וויגן זיך מיט דעם רויש פון די מאַשינען און ווילן אַלץ פאַרגעסן.

דאָס איז געווען דזשעק דיימאַנדס פאַבריק. דזשעק, אַ הויכער, אַ דאַרער מיט אַ בולבע־נאָז. די ליפּן דינע, פאַרברענטע. לאַנגע, דינע אָרעמס, וואָס האָבן קיין מאָל ניט גערוט. די פינגער דינע, ביינער־דיקע. פלאַקסענע, ניט־פאַרקעמטע האָר, אַ לאַנגער האַלדז און אַ גרויסער קאָפּ. ער איז געווען אין די דרייסיקער און ניט קיין באַ־ווייבטער.

לאַנגע רייען מאַשינען אומעטום. גרויסע, שטויביקע פענצטער. ווענט, וועלכע זיינען אַמאָל געווען מיט ווייסן געקאַלכט, און זיינען געוואָרן גרין און מיט פלעקן. אויבן, לעבן דער סטעליע, שטאָלענע רערן סטאַרטשן אַרויס, קריכן איינע איבער דער אַנדערער, פלאָנטערן זיך אָן אַ טאָלק, און אָן אַ זין. אָבער אַלע ווייסן, אַז דאָס אַלץ איז צוליב אַ פונקציע; ווי די מענטשלעכע געדערים איז דאָ אויך דאָ אַ באַרעכטיקונג פאַר זייער זיין.

פאַרטאָג שטייען די מאַשינען ווי גולם׳ס און וואַרטן. גראָטעסק און פול מיט באַהאַלטענער קראַפט וואַרטן זיי, אַז מענטשלעכע הענט זאָלן זיי באַרירן און געבן לעבן. זיי וואַרטן מיט אַזאַ אָנגעשטרענגט־קייט און רעדן שווייגנדיק. זיי פאַרשטייען איינע די אַנדערע און האָבן זייער אייגן לעבן. דזשעק דיימאָנד פאַרשטייט זייער וואַרטן; ער וואַרט אויך טאָג נאָך טאָג, נאַכט נאָך נאַכט צו געפינען אַ ציל פאַר זיין לעבן. וויל וויסן פאַר וואָס און פאַר וועמען לעבט ער, וויל דערגייך אַ טאָלק, וואָרום די וועלט איז אַזוי און ניט אַנדערש; וואָרום, וואָרום, און נאָך אַמאָל וואָרום?...

דזשעק קען ניט שלאָפן — קומט ער אין פֿאַבריק און בלאָנדזשעט אַרום מיט די שאָטנס. ער וואַרט אויף דעם פֿאַרטאָג, ווען די אַרבעטער וועלן אַריינשטראָמען און באַהויכן די מאַשינען מיט זייער לעבעדיקן אָטעם. זיי וועלן קומען פֿון אומעטום, איבערלאָזנדיק די וואַרעמע בעטן, די ווייבער צעפּראַלטע מיט דעם אָנזאָג אויף מער נעכט פֿון באַהעפֿטונג. די קינדער דרימלען וועגן מעשיות פֿון טויזנט און איין נאַכט.

די גאַסן און די ברעגן פֿון „פּאַסייִק ריווער", זיינען באַדעקט מיט ערשט־געפֿאַלענעם שניי. אַ קלאָרער שטערנדיקער הימל באַלויכט דאָס שטעטל גאַרפֿילד! די ברעגן פֿון טייך פֿאַרפֿלעקט מיט גרויע פֿאַבריקן; די קוימענס גרעפּצן אַרויס רויך. אַפֿילו ווינטער שטינקט דאָס וואַסער מיט טוכלעקייט. טויזנטער אַרבעטער קומען אָן און ווערן פֿאַרלוירן אין די פֿאַבריקן, ווערן פֿאַרלוירן צווישן די גרויע ווענט. די מאַשינען וואַרטן מיט זייער שטאָלענער קאַלטקייט. מען הערט פֿאַרשיידענע שפּראַכן. מענטשן פֿון דער גאַנצער וועלט. שוואַרצע, ווייסע און געלע. איין ציל, צו איין ברעג. פֿון פֿרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

דזשעק דיימאָנד שטייט ביים טיר, דורך וועלכער די אַרבעטער שטראָמען אַריין. ער באַגריסט ניט קיינעם, שמייכלט ניט, נאָר קוקט מיט אַ פֿאַרגליווערטן פּנים און פֿאַרזונקענע אויגן. אַמאָל האָט מען דאָס געפֿיל, אַז אַזוי וועט ער שטיין פֿאַרגליווערט דאָס גאַנצע לעבן. אָבער די מענטשן ווייסן בעסער. „דזשעק, דער בוטשער", רופֿן זיי אים. זיי ווייסן, אַז ער איז אַ וואולקאַן, וואָס רוט ניט. זיין שטימע רייסט זיך ווי אַ בייטש איבערן לייב; ער מאַכט די מענטשן אַלע מאָל פֿילן ווי הינט.

פֿינף מינוט צו אַכט דאַרפֿן אַלע שטיין ביי די מאַשינען. פֿרויען, מענער און אַפֿילו קינדער. מיט אַמאָל הערט זיך אַ גרילצנדיקער פֿייף, און די רעדער הויבן זיך אָן באַוועגן. שטאָלענע רערן דרייען זיך. יעדער מאַשין האָט איר אָטעם, איר קלאַפּ. צוזאַמען הילכט אַ סימפֿאָניע פֿון מאַשינען, אַ רויש וואָס ציט זיך אין דער אייביקייט.

הונדערטער אַרבעטער אַרבעטן אין דזשעק דיימאָנדס פּאָדעם־פֿאַבריק, קיינער ווערט דאָרטן ניט דיסקרימינירט. אַלע זיינען גלייך — שוואַרץ, ווייס, פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, פֿאַרשיידענע שפּראַכן. ער האָט די זעלבע שפּראַך פֿאַר אַלעמען. ער וויל, אַז די מענטשלעכע

הענט זאָלן אַרבעטן שנעלער ווי די מאַשינען. דאָס איז דער איינציקער ציל אין לעבן וואָס ער ווייסט. דאָס איז די איינציקע זאַך וואָס נעמט אַוועק דעם ווייטיק פון האַרצן און דעם אומעט פון דער נשמה. אַרבעט ! און אַרבעט.

דזשעק דיימאָנד באַהאַלט זיך אַליין אין חדר. אַ דין ווענטל טיילט אים אָפּ פון אָפיס, וואו די טייפּרייטערס קלאַפּן. מען רעכנט, מען שרייבט, מען ציילט די קעסטלעך פּאָדעם, וואָס מען שיקט אַרויס. פּאַרבער, דער רויטער, גיט אַכטונג אויף דעם אַלעמען. אַלץ איז אין אָרדענונג, אַלץ ווערט אָפּגעהיט. זיין פּאַרמעגן וואַקסט און ער ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט דעם געלט . . . אָבער אַרבעט האָט אַ ציל פּאַר זיך אַליין. אין דעם ריטם פון די מאַשינען איז אַ געזאַנג, וואָס טראָגט זיך צום הימל. ניטאָ קיין אומעט אין פּאַבריק. דער אָטעם פון די מאַשינען פילט אָן די ווענט מיט אַ מעכטיקן ניגון : אַרבעט ! אַרבעט.

דזשעק דיימאָנדס היים איז געווען פול מיט ביכער. הענגענדיקע פּאָליצעס זיינען אָנגעפּילט מיט זיי. אַ גאַנצן טאָג האָט די הויז־פרוי געריייניקט די חדרים, אָפּגעשטויבט די ביכער, אַרומגעוואַשן אַלצדינג ביז אַלץ האָט געזויבערט. פאַרנאַכט פלעגט זי גיין אַהיים און קומען צוריק אין פרימאָרגן. ער האָט ליב געהאַט אַרומצוגיין אין זיין גאָרטן און באַטראַכט יעדעסביימל, קוקן אויף די בלומען, זיך איינבויגן און אָנרירן עס מיט זיין באַק. אין גאָרטן זיינען געווען פּאַרשיידענעביימער. פון דער גאַנצער וועלט האָט ער זיי געבראַכט. זומער און ווינטער פלעגט ער זיי באַטאַפּן מיט זיינע לאַנגע, ביינערדיקע פינגער, אַ גלעט טאָן, אַראָפּשאַרן אַביסל שניי און אָטעמען אויף זיי. דערנאָך עפענען די טיר און שטיל אַריין אין הויז.

דזשעק דיימאָנד פלעגט ווערן אַן אַנדער מענטש ווען ער פלעגט איבערטרעטן די שוועל פון פּאַבריק. ער פלעגט אַרומגיין פון מאַשין צו מאַשין און קוקן אויף יעדן אַרבעטער מיט שפּיזיקע בליקן. ער פלעגט זעלטן ריידן. אָדער שרייען, אָבער ווי אַ בייזער גייסט האָט זיין אָטעם געשוועבט צווישן די ווענט און ווי אַן אייזיקער ווינט געפרוירן די הערצער פון די אַרבעטער. ער האָט געמרוקעט אָנשטאָט ריידן. ער האָט פאַר קיינעם קיין גוט וואָרט ניט געהאַט. פאַר קיינעם קיין שמייכל ניט געוויזן. די אַרבעטער וואָלטן זיך צעלאָפן, אָבער לויפן איז ניט געווען וואוהין און די שכירות וואָס ער האָט געצאָלט זיינען ניט געווען קיין שלעכטע. זיינען זיי געבליבן אויף זייערע

פּלעצער און אים געשאָלטן און געטראַכט, אַז די צייט וועט קומען און ער וועט פּגרן און קיין הונט וועט אים ניט באַקלאָגן.

אַמאָל פּלעגט ער אויף שעהן־לאַנג פאַרשווינדן אין זיין קאַבינעט, האָבן די אַרבעטער אין פאַבריק אויסגעקוקט גאָר אַנדערש. אַפילו דער פאָרמאַן, וואָס איז אַליין ניט געווען קיין דימענט, פלעגט אָנ־קוועלן. זיין נאָמען איז געווען טאָני פּאַסקיוואַלי. אַ ריז מיט אַ ברוי־נעם פּנים, מיט שוואַרצע אויגן וואָס האָבן ניט געהאַט קיין גרונט. די איינציקע צייט וואָס ער האָט געשמייכלט, איז ווען דיימאָנד איז ניט געווען אין פאַבריק. ער פלעגט זיך אַפילו פאַרגינען געבן אַן אַרבעטער אַ קלאַפּ אין פּלייצע און אַ שמייכל־טאָן גוט־ברודעריש: „יו אַר אָ'רייט, סאַניוואָביטש, יו אַר איי גוד פּאַנק"...

אייב לינקאָלן, אַ הויכער נעגער מיט אַ געשטופּלטן פּנים, מיט אָרעמס ווי שטאָלענע שטאַנגען, האָט פיינט געהאַט דזשעק דיימאָנדן מיט אַ ווייסנס האַס: ער האָט אַ גאַנצן טאָג געשטופּט וועגענער מיט פּריש־געפאַרבטע פאָדעם. אַמאָל האָט זיך אויסגעדוכט אַז ער גייט ווי אַ בלינדער פערד אַרום אַ ראָד און ווייסט ניט וואו זיך אָפּצו־שטעלן. אָבער זיינע אויגן זיינען געווען צעפּראַלט. פיבערדיקע אויגן, וועלכע האָבן דיך געמאַכט פילן אומהיימלעך. דזשעק דיימאָנד האָט אים אויסגעמיטן, זיך אַוועקגערוקט אָן אַ זייט, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן.

אַלע אַלטע אַרבעטער אין שאַפּ האָבן געוואוסט וואָס ס'האָט פּאַ־סירט. זיי האָבן געהאָפט, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט מען געפינען דיימאָנדן מיט אַ צעבראָכענעם האַלדז און נאַקן. זיי האָבן געוואוסט אַז אייב לינקאָלן וואַרט דער מאָמענט זאָל קומען. עפּעס וועט מוזן פּאַסירן! פאַרבער האָט זיך געבעטן מען זאָל אים אַוועקשיקן! ער פלעגט ריידן צו דזשעקן און זיך בעטן: „אייב וועט דיך דערהרגענען. שיק אים אַוועק, ווער פּטור פון אים. קיין גוטס וועט זיך פון דעם ניט אויסלאָזן". ער האָט אָבער קיין מאָל ניט געקראָגן קיין ענטפער. דזשעק דיימאָנד האָט געשוויגן.

און די מעשה איז געווען אַזוי: העטיע, אַ מולאַטקע, איז אָנגעקומען אַרבעטן אין פאַבריק. זי האָט געהאַט אַ פּנים אויסגעשניצט פון גאָט אַליין. אויגן ווייכע, לאַכעדיקע. שוואַרצע פּעכיקע האָר ווי זייד, אַ ציצן־קליידל וואָס האָט געגעבן איר קערפּער דעם אויסזען פון אַ לאַסטשענדיקער קאַץ. די מענער האָט די כאָלערע געכאַפּט

פאַר איר. ווען אייב לינקאָלן האָט איר דערזען, איז ער געבליבן שטיין מיט זיין וואָגן פאָדעם און זיין אונטערשטע ליפּ איז געוואָרן שווער און פייכט. זיינע אויגן האָבן אויפגעלוכיטן: „האָני טשיילד. האָני טשיילד!...״ ער האָט איר נאָכגעקוקט ביז זי איז פאַרשוואונדן צווישן די מאַשינען.

דיימאָנד איז פאַר אַ פּאָר טעג ניט געווען אין שאָפּ. אייב לינקאָלן און העטיע האָבן נאָך קיין וואָרט איינער צום אַנדערן ניט גערעדט. אייב איז געווען זיכער אַז העטיע וועט זיין זיין ווייב. דריי און דרייסיק יאָר אַז ער האָט געוואַרט אויף איר, געחלומט נעכט פון אַ פרוי, וועלכע וועט זיך טוליען צו זיין לייב. איצט האָט יעזוס זיך צוגעהערט צו זיין געבעט און אים געשיקט העטיען. איצט האָט ער דערפילט אַז מען טאָר קיינמאָל ניט לעסטערן גאָטס וועגן. מען דאַרף נאָר גלויבן אין אים, און דער טאָג וועט קומען ווען זיין בענטשונג וועט שיינען אויף דיר, און דער פאַרלאַנג וואָס איז טיף אין דיין האַרצן וועט דערפילט ווערן.

נאָר עפּעס האָט פּאַסירט ווען דזשעק דיימאָנד האָט זיך באַוויזן אין פאַבריק. קיינער האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס אַזוינס האָט געטראָפן. ווי אַלע מאָל איז ער אַ כמורנער אַרומגעגאַנגען אין פאַבריק, פאַרשטייפט די ליפּן און פּוסט די אויגן. עס האָט זיך געדאַכט אַז ער זעט קיינעם ניט. אָבער ווען ער איז געקומען צו העטיעס מאַשין איז ער געבליבן שטיין געפּלעפּט. זיין מויל האָט זיך געעפנט, די אויגן האָבן אַ לויכט געטאָן און אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן. פאַר אַ מינוט איז ער געשטאַנען און געקוקט אויף איר, דערנאָך האַסטיק אַוועקגעשפּאַנט צו זיין קאַבינעט. און העטיע האָט אים נאָכגעקוקט ביז ער איז פאַרשוואונדן.

די גאַנצע פאַבריק אַרבעטער האָבן גערעדט און זיך געשושקעט וועגן דעם. מען האָט געשפּאַסט און זיך געוויצלט. נאָר אייב לינקאָלן איז אַרומגעגאַנגען אַ פינצטערער און האָט מיט קיינעם ניט גערעדט. עטלעכע מאָל איז ער דורכגעגאַנגען לעבן העטיען. אַ זאָג געטאָן דאָ און דאָרט אַ וואָרט. אָבער זי האָט געשוויגן און געקוקט אויף אים מיט ווייטע פרעמדע אויגן. דעם פאַרנאַכט איז זי אַוועק און קיין גוטע נאַכט ניט געזאָגט. ער האָט איר נאָכגעקוקט ביז זי איז אַריבער דאָס בריקל פון גאַרפילד צו פּאַסייק. אייב איז געשטאַנען און געקוקט אויף דער מוטנער, געלער וואַסער פון „פּאַסייק ריווער״, און זיך גע־

וואונטשן דעם טויט. ער האָט געפילט אַז ער האָט מער ניט וואָס צו לעבן, אויף וואָס צו האָפן. ווי אַ בלינדער פערד וועט ער אַרומגיין אַ קאַראַהאָד און שלעפּן פאָדעם.

דעם קומענדיקן פרימאָרגן האָט זיך דזשעק דיימאָנד ניט באַ־וויזן אין פאַבריק. טאָני פּאַסקיוואַלי, דער פאָרמאַן, האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס האָט פּאַסירט. ער האָט געפרעגט פאַרבערן צי ער האָט אָפּגערופן. — ניין! — העטיע, מיט אַ בלומענדיקע קליידל, מיט גרויסע אוירינגלעך, האָט ניט אויפגעהויבן די אויגן פון מאַשין. אייב לינקאָן האָט געשטופּט דעם וואָגן מיט פאָדעם, אָבער זיינע טריט זיינען געווען אָן לעבן. די גרויסע פיס האָבן זיך געשאַרט איבער דער פּאָדלאָגע ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעלאָדן מיט בליי. די שטימע פון דעם אַלטן סאַמסאָן, דער שוואַרצער מאַשין־רייניקער, האָט ניט אויפגעהערט. ער איז געווען דער איינציקער וואָס האָט געוואַגט צו זינגען. „אָלד מען ריווער... אָלד מען ריווער...״ און די מאַשינען האָבן זיך געדרייט און פאַרשלונגען די טעג פון די מענטשן.

דזשעק דיימאָנד איז געקומען שפּעט נאָכמיטאָג אין פאַבריק. ער איז דורכגעגאַנגען די לאַנגע רייען מאַשינען און האָט אויף קיינעם זיך ניט אומגעקוקט. העטיען האָט ער אויסגעמיטן. ער איז גלייך אַוועק אין זיין קאַבינעט, אַריינגערופן פאַרבערן, אונטערגעשריבן אַ פּאָר פּאַפּירן, און דערנאָך געבליבן אַליין. עס איז געווען כמורנע אין דרויסן. דער שניי ביים טייך מיט געלע פלאַמעס. אויפן צווייטן זייט וואַסער — פאַבריקן און רויך. דעם הימל האָט מען כמעט ניט געזען. דזשעק האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אָן דער קאַלטער שויב און פאַר־מאַכט די אויגן.

ער האָט געוואוסט אַז עפּעס האָט פּאַסירט מיט אים וואָס איז אַנדערש ווי אַלע מאָל. ער האָט זיך געשראָקן פאַר זיינע אייגענע גע־דאַנקען, געטראַכט וועגן אַ סך זאַכן און דערהויפּט וועגן זיין קינד־הייט. קיין גוטס האָט ער ניט צו געדענקען. ער איז געקומען אומ־געבעטן אויף דער וועלט. ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע האָבן אים געוואָלט. ער איז געווען אַן איבעריקער, אַ פאַרגעסענער און אַלע מאָל אַליין. די דריי קינדער וואָס זיינען געבוירן געוואָרן פאַר אים זיינען געווען פון אַן אַנדער וועלט.

ער איז געווען אַליין, אָן אַ גאָט, אָן מענטשן. קיינער האָט ניט געפרעגט וואָס ער טוט, ווען ער טוט. ער האָט זיך אַלעמען געפּלאָב־

טערט פאַר די פיס. אַלעמען געווען אין וועג. ער האָט אַלע מאָל גע־פילט אַז די מאַמע האָט אים פיינט!... דער טאַטע האָט אים ניט געוואָלט זען אָדער הערן פון אים. וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער גע־טאָן. און ער האָט געמוזט פאַרדינען צו קענען קויפן דאָס מינדסטע פאַר זיך. ער איז אַרומגעגאַנגען אין זיבעטער גאַס, אין פּאַרק, און האָט געפּוצט שיך און פאַרדינט וויפיל ער האָט געקענט.

ער האָט קיינעם ניט צו דאַנקען פאַר דעם וואָס ער האָט. אַלץ איז זיין אייגענע מי. אַלץ איז פון דער פּראַצע פון זיינע הענט. אַלץ וואָס ער האָט געלערנט צו קענען דערגיין אַ טאַלק אין לעבן, איז גע־ווען ווייל ער האָט געוואוסט אַז ער איז אַליין! ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין חבר. קיינמאָל ניט געהאַט קיין פריינד. קיינמאָל ניט געהאַט קיין גאָט! — ייד און קריסט — וואָס איז געווען דער אונ־טערשייד פאַר אים? אַלץ פרעמד און ווייט. שפּעטער איז ער אַוועק פון זיין „היים". ער איז זיכער אַז ער האָט קיינעם ניט געפעלט. אַז קיינער האָט אים ניט דערמאָנט.

און מיט פרויען איז געווען דאָס זעלבע. ער האָט פאַר אַלץ באַ־צאָלט. פאַר יעדער גלעט, פאַר יעדער קוש, פאַר דער מינדסטער צערטלעכקייט. קיינער האָט אים ניט געגעבן עפּעס פאַר גאָרניט. באַ־צאָל, וועסט גאָרניט קריגן אַנדערש. דו ביסט ניט ווי אַנדערע מענטשן. ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד. אַזוי וועסטו לעבן דיין גאַנץ לעבן. אַזוי וועסטו זיך באַהעפטן מיט די נאַכט־שאָטנס.

און איצט העטיע! קיינער האָט נאָך ניט געקוקט אויף אים אַזוי. זיין לייב ברענט ווי פייער ווען ער טראַכט וועגן איר. אַזוי יונג און שלאַנק. אַזעלכע אויגן. אַ מולאַטקע, איז וואָס?... זי וועט אים ליב האָבן. דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַז ער וועט ניט דאַרפן באַ־צאָלן פאַר אַ ווייב. — זי וועט זיין מיט אים טאָג נאָך טאָג, וועט וואַרטן אויף אים אין הויז. וועט זיין אַ טייל פון אים. די ערשטע פרוי אין זיין לעבן וועלכע ער וועט רופן זיינע.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער ניט געקענט שלאָפן. דעם פרימאָרגן איז ער געווען אין פאַבריק איידער די שטערן האָבן זיך אויסגע־בלייכט. „פאַסייק ריווער" איז געווען פאַרנעפּלט. די לופט איז געווען פייכט און קיל. ער איז שנעל דורכגעגאַנגען די פאַבריק. אַריין צו זיך אין קאַבינעט און פאַרשלאָסן די טיר. ער איז געבליבן שטיין ביים פענצטער און געקוקט אויף דעם מאַטן ליכט וואָס האָט זיך גע־

שיילט פון הימל. ער איז געשטאַנען פאַרגליווערט אַ לאַנגע צייט. ער האָט געהערט ווי דזשעקסאָן דער וואַכמאַן עפנט די טירן פון פאַבריק. געהערט דעם גערודער פון די אַרבעטער. זייערע טריט ווען זיי זיינען געגאַנגען צו די מאַשינען. געהערט סאַמסאָנען זינגען „אָלד מען ריווער" און דערנאָך דעם צאַפּלענדיקן גערויש פון די מאַשינען. אָבער דזשעק דיימאָנד האָט זיך ניט גערירט, און געקוקט ווי דער טייך פאַרטרייבט דעם נעפּל און קושט זיך מיט דער זון.

דעם טאָג האָט ער זיך קוים באַוויזן אין פאַבריק. זיין „האַי־פּאַי" האָט שטיל געשפּילט שובערטס „ניט געענדיקטע סימפאָניע". דער טאָג איז פאַריבער און די אַרבעטער זיינען אַוועק מידע אַהיים. מען האָט געריינ‎יקט די פאַבריק. און דזשעקסאָן, אַ ריזיקער נעגער, נעמט איבער די פאַבריק און די נאַכט. דזשעק דיימאָנד איז אַרויס מיט אַ זייטיקער טיר. דזשעקסאָן האָט אים געזען און נאָכגעשריען: „גוד נייט, באָס!" ער איז אַריין אין זיין אויטאָמאָביל. העטיע איז געזעסן אויף דעם פאָדערשטן פּלאַץ און זיך ניט גערירט. ווען ער איז געוועזן אין קאַר און אָנגעהויבן טרייבן, האָט זי זיך צוגעשפּאַרט צו אים און געקוקט אויף אים מיט העלע שיינענדיקע אויגן. דזשעק האָט אַ נעבעכדיקן שמייכל געטאָן. ניט געוואוסט אַליין וואָס ער טוט, האָט ער מיט אימפּעט געטריבן די מאַשין ביז ער האָט דערגרייכט זיין הויז.

און דערנאָך וואָס האָט פּאַסירט ווייס דזשעק דיימאָנד אַליין ניט. העטיע איז געבליבן מיט אים אין הויז און מער אין פאַבריק ניט געגאַנגען. עס איז ניט געוועזן קיין מינוט וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין באַהאַלטענע שרעק פאַר איר. עפּעס האָט אים געגריזשעט אין די געהירן און אים געמוטשעט. עס איז מער ניט געוועזן זיין הויז, זיין היים און זיין גאָרטן. די לופט אין הויז איז געוועזן אָנגעפילט מיט פּרוי. זי איז געוועזן ווי אַ צעצונדענער פלאַם וועלכן ער האָט ניט געקענט אויסלעשן. זיין גאַנצער לעבן האָט זיך אויסגעבלייכט און עס איז מער ניט געבליבן ווי פּרוי: קיין זאַך איז ניט געבליבן נאָר העטיע און די בעט. העטיע מיט איר אייביק פרישן, מיידלשן קערפּער.

זי האָט געפאָדערט, אַז ער מוז מיט איר חתונה האָבן; און ער האָט באַשלאָסן אַז דאָס וועט קיינמאָל ניט פּאַסירן. ער איז ניט געשלאָפן קיין נעכט און געטראַכט וועגן דעם. העטיע האָט געוויינט און געכליפּעט היסטעריש ווען ער האָט איר דאָס געזאָגט. דערנאָך אַ גרויסער שווייגן. אין הויז איז געוואָרן שטיל ווי אַ טויטער וואָלט

דאָרט געלעגן. עפּעס איז געווען אומבאַשטימטעס אין העטיעס קוק, אירע אויגן זיינען געוואָרן גרעסער, אָפּגרונטלאָזער.

דערנאָך האָט ער מיט שרעק געזען וואָס עס האָט פּאַסירט. איר קערפּער איז געוואָרן שווערער. דאָס פּנים רונד און אויסגעפילט. דער בויך גרעסער. ווען ער האָט איר געפּרעגט וועגן דעם האָט זי פאַר־ביסן געשוויגן. ווען ער האָט איר געראַטן זי זאָל גיין צום דאָקטאָר אפשר קען מען עפּעס טאָן, האָט זי זיך צעלאַכט: „צו שפּעט, צו שפּעט. דו וועסט האָבן אַ שוואַרצן באַסטארד! אָבער עס וועט זיין דיין בלוט און פלייש. וואָס דו זאָלסט ניט טאָן וועט עס זיין דיינער״.

אָבער ווער ווייסט ניט וואָס איז געשען! איין טאָג, ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער זי געטראָפן אין אַ שטול פאַרגליווערט מיט פאַרגלעזערטע אויגן. ער האָט שנעל געבראַכט דעם דאָקטאָר, אָבער עס איז געווען צו שפּעט. „איר האַרץ״, האָט דער דאָקטאָר שטיל געזאָגט. „אַזאַ שייניקע״, האָט דער דאָקטאָר געזיפצט. נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן און דאָס קינד וואָלט געקומען. און דאָס איז געווען די ענדע. ער איז געשטאַנען אַליין און געקוקט אויף דעם פרישן בערגל ערד און הייסע טרערן זיינען גערונען איבער זיינע געלע באַקן. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס וואָס האָט פּאַסירט וועט ער קיינמאָל ניט פאַר־געסן. און אַז ער וועט אייביק בלייבן איינזאַם און אַליין.

פון דעם טאָג אָן איז ער ניט געווען דער זעלבער. ווי אַלע מאָל פלעגט ער קומען אין פאַבריק און אַרומגיין אַ בייזער און ניט ריידן קיין וואָרט. ווי אַלע מאָל איז ער געווען ווי אַ בייזער גייסט וואָס האָט אָנגעפילט די ווענט מיט אַ גרויער שרעק. אָבער עס האָט עפּעס גע־פעלט: קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס האָט פּאַסירט. די אַרבעטער האָבן זיך געשושקעט. אים געשאָלטן שטילערהייט און אים באַשול־דיקט אין העטיעס טויט. און אייב לינקאָלן האָט געשטופּט דעם וואָגן פאָדעם און האָט געטראָגן טויט אין זיין האַרצן. טויט פאַר דזשעק דיימאָנד: דער טאָג וועט קומען... דער טאָג וועט קומען!״

אָבער דזשעק דיימאָנד האָט קיין שום זאַך מער ניט געאַרט. ער האָט געוואוסט אַז ער וועט שוין מער גאָרניט טאָן אין לעבן. ער האָט געטראַכט וועגן פאַרקויפן די פאַבריק און אַוועקגיין וואו די פיס וועלן אים טראָגן. ער האָט געפילט אַז אייב לינקאָלן טראָגט דעם טויט באַ־האַלטן אין זיינע ריזיקע אָרעמס. אַז די נאַכט וואַרט אויף אים און וועט אים פאַרשלינגען אויף אייביק. ער איז געבוירן פון גאָרנישט און וועט

זיך אומקערן צו גאָרנישט. עס איז ניט געווען קיין אורזאַך פאַר זיין אַרויפגיין אויף דער בינע, און זיין אַרונטערגיין. ער וועט זיך אויס־בלייכן מיט דעם טאָג, און דערנאָך — נאַכט.

האָט ער אַלץ פאַרקויפט. דער לעצטער פרימאָרגן איז געקומען. עס איז נאָך טונקל אין דרויסן. דזשעק דיימאָנד איז דעם לעצטן מאָל דורכגעגאַנגען אַלע קאָרידאָרן. ער האָט מיט די פינגער באַטאַפּט די שטאָלענע מאַשינען. ער שטייט ביי די ברעגן פון „פּאַסייק ריווער" און קוקט אין דער שמוציקער, געלער וואַסער. ער אָטעמט איין די טוכלעקייט פון דער לופט. דער באַגער צו שטאַרבן איז זייער גרויס אין אים. עס ווינקט צו אים דאָס וואַסער. רופט אים און לאָקט אים, אין דעם שטינקענדיקן טייך באַלאַנגט ער. פון גאָרניט צו גאָרניט! צום אייביקן ניט־זיין. ער וויל פאַרלוירן ווערן אין זומפּיקן אָפּגרונט, זיך אומקערן פון וואַנען ער איז געקומען. אַ גאַנצן לעבן אַ פלאָנטער. ער וועט דעם וועג מער ניט געפינען, מער ניט געפינען.

# זוכעניש

אַן איינגעבויגענע כאַטע, בלאָטעס און וועלדער;
דורך די פענצטער שמייכלען די צעאַקערטע פעלדער;
די מאַמע בענטשט ליכט מיט פאַרדעקטע אויגן;
אַמאָל איז געווען אַ חלום, און איז פאַרפלויגן.

פאול איז אַרונטער פון שיף און געטראָגן אַ זאַק מיט זיינע זאַכן. ער האָט געהאַט צוויי וואָכן אורלויב, און פריי צו וואַנדערן וואו זיין האַרץ גלוסט. ער האָט זיך געזעגנט מיט די מאַטראָזן, ווייל יעדער איז געגאַנגען זיין וועג. זיי האָבן ניט געוואוסט אויב זיי וועלן זיך באַגעגענען אין שטאָט. אַנדערע האָבן אין אַלגעמיין ניט געוואוסט וואוהין זייערע פיס וועלן זיי פירן.

עס איז געווען שפעט אין פרילינג. אַ מילדע זון האָט זיך צעגאָסן איבערן שטאָט. פאול האָט געפילט אַ גרויסע פרייד אין האַרצן. ער איז שוין ניט געווען אין ניו יאָרק אַ יאָר צען. ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן. איצט פילט ער, אַז ער האָט שוין געלעבט אַ גאַנץ לעבן, אַז ער איז שוין דאָ זייער לאַנג אויף דער וועלט, אַז עס העלפט ניט דאָס לויפן, ווייל מען קאָן פון גאָרניט אַנטלויפן, אַז אומעטום נעמט מען זיך מיט און, אַז אומעטום איז מען אַליין.

אויף דער פערטער גאַס, לעבן „איסט ריווער", האָט אַמאָל געוואוינט זיין פעטער משה־בער. דאָרטן איז געווען זיין ערשטע היים אין אַמעריקע. קליינע, טונקעלע חדרים. אויף צוויי זייטן בלינדע ווענט. די צוויי פענצטער, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט צום גאַס האָבן קיין מאָל קיין זון ניט געזען. די מומע, אַ פרומע, גאָט אַלע מאָל אויף די ליפּן, דער פעטער אַ גוטער מיט אַ ברייט האַרץ און אָרעמע קעשענעס. די צוויי קינדער, לייטישע, דאַנקען גאָט. שוין צוויי אויסגע־

געבן. פיינע מענער, וועלכע האָבן געוואוסט איין זאַך: מען דאַרף מאַכן אַ לעבן פאַר דער משפחה, זען, אַז קינדער זאָלן אויסוואַקסן, חתונה האָבן און שפּינען דעם פאָדעם אויף אייביק.

נאָר די ייִנגסטע איז נאָך געווען אין הויז. געענדיקט די מיטלשול און זיך געגרייט אויפן אוניווערזיטעט. געוואָלט זיין עפּעס! ניט גלאַט אַזוי אַ מענטש. מען דאַרף וויסן וואָס ס'טוט זיך אויף דער וועלט. געוואָלט האָט זי ווערן אַ דאָקטאָר, העלפן אַלע די, וועלכע דאַרפן הילף. פייגעלע איז געווען אַנדערש ווי די אַנדערע קינדער. זי איז געווען שלאַנק און הויך, מיט אַ פּנים ווי אויסגעשניצט, די אויגן שוואַרצע, פלאַמיקע, די האָר פּעכיקע, פאַרפלאָכטן אין צעפּ. ווערטער געציילטע ווי פּערל ווען זי האָט גערעדט.

מיט דעם לייווענטענעם זאַק אויף די פּלייצעס, האָט פּאול דערגרייכט די פערטע גאַס און עוועניו סי. ביים ברעג גאַס איז נאָך געווען דער זעלבער סאַלון. אין מיטן גאַס, צו דער לינקער זייט, די שול, אַביסל גרויער און פאַרשטויבטער, די פענצטער פון דעקאָרירטן גלאָז. דער טומל פון די קינדער — דער זעלבער. דאָס זעלבע שפּיל, די זעלבע אַלטע הייזער, פּושקאַרטס, ייִדן מיט בערד האַנדלען און וואַנדלען, שרייען און רופן. איצט ווי געווען. נאָר ער, שאול, איז ניט דער זעלבער. עפּעס איז אין אים פאַרלוירן געגאַנגען אויף אייביק. וואָס דאָס איז ווייסט ער אַליין ניט! ער קען עס ניט פאַרשטיין.

ער האָט דערגרייכט וואו דאָס הויז איז געשטאַנען און דערזען פאַר זיך אַ נייע געביידע. אַ פירגאָרנדיק, ציכטיק הויז מיט גרויסע פענצטער. אַ גלעזערנע טיר, אַ רויט־געפאַרבטן קאָרידאָר. דאָס אַלטע הויז איז פאַרשוואונדן אין דער אייביקייט. ניטאָ קיין משה־בער. מען ווייסט אַפילו ניט, אַז ער האָט אַמאָל עקזיסטירט. ער האָט דערפילט אַ פּוסטקייט אין האַרצן. ניטאָ וואוהין צו גיין. שטעלט ער אַרונטער זיין מאַטראָזן־זאַק, זעצט זיך אַוועק אויף די דרויסנדיקע שטיגן. ער וואַרט, אַז עמעצער, וועמען ער קען, זאָל פאַרבייגיין, וועט ער פרעגן וועגן דעם פעטער, אָבער צען יאָר איז אַ לאַנגע צייט. מענטשן שטראָמען פאַרביי, קוקן אויף אים מאָדנע און זאָגן גאָרניט.

דער טאָג איז שוין באַלד אַוועק. פּאול הייבט זיך אויף פּאַמעלעך און גייט צו דעם אַכטער גאַס פּאַרק. דאָרטן איז אַמאָל געווען אַ רויט־געפאַרבטער האָטעל, וואו מען פאַרדינגט אַ חדר. אַ הויכע פּוילישע פרוי באַגריסט אים, שמייכלט מיט איר פולן פּנים. זי איז זייער פעט

און דאָס פּלייש הענגט איר אַרונטער. יאָ, זי האָט אַ חדר. זי פירט אים אַרויף אויף דעם ערשטן שטאָק, עפנט די טיר און גיט אַ זאָג: „מען קען דאָ פאַרברענגען זייער גוט מיט אַ שיינער דאַמע! קיינער וועט אייך ניט שטערן דאָ. איר קענט טאָן וואָס איר ווילט, אָבער, צעברעכט ניט די בעטן!" זי סמאָטשקעט מיט די פעטע ליפּן און צעלאַכט זיך. ער באַצאָלט איר פאַר אַ וואָך אין פאָרויס און פאַרמאַכט די טיר.

ער בלייבט אַליין אין חדר. אַ פיינער, גרויסער צימער, צוויי פענצטער קוקן אַרויס צום הויף. אַ פּאָר ביימער וואַקסן נאָך דאָרטן. אַ פּאָר בענק, און גרינע גראָז. די זון פאַרגייט און פאַרבט די ביימער מיט אַ מאַטן ליכט, שפּיגלט זיך אָן די פענצטער און פילט אָן די ווינקלען מיט שאָטנס. ער שפּאַצירט דורך אַ פּאָר מאָל דעם חדר און פילט, אַז ער וואָלט געדאַרפט עפּעס עסן. פאַרשלאָסן די טיר, גייט ער אַרונטער די הילצערנע, שמוציקע טרעפּ. אונטן שטייט די פּאָליאַטשקע. זי גיט אים אַ שמאַלציקן שמייכל. ער טראַכט, אַז זי מעג די כאָלעריע כאַפּן. ער פילט אירע אויגן קוקן אים נאָך. ער גיט אַ שפּיי און טראַכט: „אַ הינטישע וועלט! וואָס קען מען דערוואַרטן, וואָס?" פּאול איילט זיך ניט און זכרונות קריכן אין קאָפּ. ער דערמאָנט זיך אין די קינדערשע יאָרן. ער איז אַלט געווען ניט מער ווי פערצן יאָר. זייער יונג פאַרלאָזן די היים, טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. געפאָרן צום פעטער אין אַמעריקע. געפאָרן זוכן — וואָס?... אַלע מאָל געהאַט אַ בענקעניש אין האַרצן. אַלע מאָל געחלומט וועגן דער ווייטער, ווייטער וועלט. אַלע מאָל געוואָלט זיין אַ פרעמדער און אַליין. נו, איצט איז ער אַליין. צען יאָר קיינעם ניט געשריבן, קיינעם ניט געזען.

זיבעטע גאַס און די אַלטע שול. אַלץ ווי געווען. ליכטיקע, פאַרשטויבטע פענצטער. יידן דאַווענען און מען הערט זייערע שטימען אין דרויסן. פּאול טראַכט: „יידן קענען ניט גאָט בעטן שטילערהייט, אייביק שרייען זיי; אייביק מאָנען זיי! אַפילו צו גאָט קומען זיי מיט טענות, וואָרום אַזוי און ניט אַנדערש! וואָרום איז מיר באַשערט אַזוי צו ליידן? וואָרום איז אונדזערע קינדערס דאָליע אַזאַ שלעכטע?... וואָרום, און וואָרום!! עס איז זיי שלעכט, שרייען זיי. דאָס לעבן איז שווער, זוכט מען ביים אויבערשטן הילף.

עס איז פרייטיק. אַ יידישע גאַס פון איין ענדע צו דער צווייטער. דער טומל איז פאַרשוואונדן. די פּושקאַרטס ניטאָ. דורך די פענצטער

לייכטן ליכט. אַ שאָד וואָס די גאַסן זיינען פול מיט קופּעס שמוץ. פּעסלעך אָנגעפּאַקט מיט מיסט ביי די טירן. עס שטערט דעם געפיל פון יום־טוב. ער שטייט מיט פאַרמאַכטע אויגן און הערט זיך צו צו די תפילות. עס כאַפּט אים אַרום אַן אומעט. ער דערמאָנט זיך אָן אַ סך זאַכן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט זיין היים, זיין קינדהייט. ער פילט, אַז טרערן וואַרגן אים. ער ווישט שנעל אָפּ די אויגן. ער וויל ניט, אַ עמעצער זאָל זען דעם גרויסן, זעקס־פוסיקן בחור מיט דעם פאַרברוינטן פּנים וויינענדיק. אַוועק פון שול און אַ גרויקייט פילט אָן זיין קאָפּ.

דער „איסט ריווער" באַהאַלט זיך צווישן די פליגלען פון דער נאַכט. מען זעט קוים דאָס וואַסער. אַ נעפּל שווימט אויפן אויבערפלאַך. אונטן וואָלקנס, אויבן אַ נאַכט און שטערן. מען זעט דעם צווייטן זייט ברעג. און די עלעקטרישע ליכט צאַנקען ווי פון הינטער אַ פאָר־האַנג. דאָ און דאָרט הערט מען דאָס פייפן פון שיפלעך, דאָס קלאַפּן פון די כוואַליעס אין דעם האַפן. די פאַבריקן גרויען, פאַררויכערטע הויבן זיך אין אומעט. דאָ און דאָרט זיינען פאַראַנקערט שלעפּ־שיפן, באַרדזשעס אָן אַ פונק לעבן. דאָ און דאָרט דרימלען היימלאָזע און חלומען — וואָס?

ער דערגרייכט די דעלענסי גאַס, אויבן די ברוקלין בריק. אַלטע, אָפּגעקראָכענע הייזער. די פענצטער האָבן קיין מאָל קיין זון ניט געזען. ביים וואַסער אַ פאַרלאָזטע פאַבריק. דער האַפן, אַ פוסטער. ער, די נאַכט און גאָט. די וואַסערן זיינען אומרואיק, קלאַפּן זיי אין ברעג, קריגן ניט קיין ענטפער, און לויפן צוריק מיט שוים און טומל. ער זעצט זיך אַוועק אויף אַן אַלטן קאַסטן און קוקט אויף דעם נעפּלדיקן טייך. ער טראַכט, אַז ער וואָלט ניט געדאַרפט אַרונטער פון שיף, ניט געדאַרפט קומען קיין ניו יאָרק. וואָס האָט ער דאָ? . . . צו וועמען איז ער געקומען? . . . אַהיים ? . . . וואָס פאַר אַ היים? . . . קיין זאַך בינדט אים ניט צו! ער איז אַ פרעמדער דאָ, אַ פרעמדער דאָרטן.

ער הערט אַ כליפּן און וויס ניט פון וואַנען עס קומט. ער הערט זיך צו און איז זיכער, אַז עס קומט פון דער אַנדערער זייט וואו עס שטייט אַ האַלב־איינגעפאַלענע הייזל. ער גייט פּאַמעלעך אַהין און דאָס כליפּן ווערט שטאַרקער. ער שטעקט אַריין די קאָפּ דורך דער צע־בראָכענער טיר און זאָגט הויך: „ווער איז דאָ?" ער זעט ווי אַ קופּע שמאַטעס רירט זיך אויף דער פּאָדלאָגע. ער קען ניט זען, אויב עס

איז אַ דערוואַקסענער מענטש, אָדער אַ קינד. ער וואַרט און דאָס האַרץ קלאַפּט אים. ער איז גרייט מיט זיינע פויסטן, אויב עס איז דאָ אַ געפאַר. ער צינדט אָן אַ שוועבעלע, קוקט און זוכט און ער דערזעט אַ מיידל, נאָך כמעט אַ קינד. דאָס פּנים נאָס פון טרערן, די קליידער — שמאַטעס, די האָר — ניט פאַרקאַמט און די ליפּן טרוקן און פאַר־שמאַכט.

„היי, גלאָמפּ! נעם אַוועק דאָס שוועבעלע. עס איז ניטאָ וואָס צו זען! אַ פּעקל שמאַטעס און אַ ביסל שמוץ, און דערצו שטערסטו מיר מיין שלאָף".

ער האָט זיך צעלאַכט: „איך האָב געטראַכט, אַז דו ביסט אַ מויז. איך זע אָבער, אַז דו האָסט אַ מויל פון אַ מאַלפּע", האָט פּאָול אַ זאָג געטאָן.

„יו העוו יאָר נערוו!", האָט זי געזאָגט לאַכנדיק, „רייסט זיך אַריין צו אַ ליידי אין איר בודואַר. דו קלאַפּסט ניט אָן אין טיר, הו די העל דאָ יו טינק יו אַר?"

— „פאַרמאַך דיין פּיסק, כאָלעריע! דו האָסט נאָך דיין מאַמעס מילך אויף די ליפּן. וואָלסט זיך נאָך באַדאַרפט אָנהאַלטן אין דיין מאַמעס פאַרטוך. וואָס, צו אַלדי קלאָגן, טוסטו דאָ?"

— „היי, עלפאַנט, שריי ניט אַזוי!" זי האָט זיך צעהוסט מיט אַ כריפּע, אַ רגע שווער געאָטעמט, דערנאָך האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן: — „לייג זיך אַוועק לעבן מיר. עס איז מיר קאַלט. די נאַכטיקע לופט רייסט זיך אַריין אין מיינע לונגען און דערשטיקט מיך".

— „קום מיט מיר, וועלן מיר עפּעס עסן. איך האָב אַ חדר ניט וויט פון דאַנען, וועסטו זיין מיט מיר אַ פּאָר טעג. דאָ איז ניט קיין פּלאַץ. מענטשן קענען אָנקומען און וואָס וועלן זיי טראַכטן?"

„קיינער קומט ניט אַהער, דו גרויסער יאָלד. און איך בין ניט קיין הייליקע! אויב ניט דו, וועט זיין עמעצער אַנדערש. און וואָס דו וועסט מיר געבן וועט זיין גענוג. דאַרפסט מיך ניט נעמען אין דיין חדר. איך וויל ניט דיין סימפּאַטיע. איך דאַרף קליין געלט צו קויפן עפּעס צום עסן. קום לייג זיך אַוועק אויב דו ווילסט, אויב ניט, גיי אין דר"ערד אַריין. — נאָך אַ מאָל האָט ער געהערט דאָס כריפּען פון אירע לונגען. ער איז געשטאַנען אַ רגע אַ שווייגנדיקער.

— „קום מיט מיר, פּרינצעסין!" — האָט ער זיך אָנגעבויגן און

זי אויפגעהויבן ווי אַ שפּענדל. זי האָט זיך ניט געווערט, געלעגן אין זיינע אָרעמס און געציטערט.

אויסער אַ קליידל און שיך האָט ער איר געקויפט אונטערוועש. זי איז געווען שמוציק ווי אַ קרעציקער הונט. אויף דער זיבעטער גאַס ווען זי איז אַריין אין דער שטאָטישער באָד, האָט ער זיך אַוועקגע־זעצט אויף די טרעפּ פון באָד און געוואַרט. ער האָט פון גאָרניט גע־קאָנט טראַכטן און אים איז געווען שווער אויפן האַרצן. ער האָט גע־וואוסט, אַז ער איז אַן אייביקער יאָלד. דער גאַנצער וועלט איז ער שולדיק אַן אייביקן חוב. אים איז די וועלט גאָרניט שולדיק. ער איז אַ „גרויסער העלד", וואַלגערט זיך אַרום פון קינדווייז אָן. און וואו איז ער איצט? אַן אייביקער אָנפּאַנגער! ווי אַ פערד וואָס דרייט זיך אַרום און קומט אַלע מאָל צום זעלבן פּלאַץ.

ווען זי איז אַרויסגעקומען פון דער שטאָטישער באָד האָט ער זי קוים דערקאָנט. ער האָט באַמערקט, אַז זי איז יינגער ווי ער האָט גע־טראַכט, אַז זי איז קראַנק. דאָס פּנים מיט אַ דורכזיכטיקער בלייכקייט; בלוטלאָזע ליפּן, זי שטייט אַ רגע און קוקט אים אָן און גיט אַ זאָג: — „נו, איך געפעל דיר? וואָס, צום טייוול, האָסטו געדאַרפט אויסגעבן אַזוי פיל געלט אויף מיר? איך וועל מער ניט זיין מיט דיר ווי איין נאַכט! דערנאָך וועסטו גיין דיין וועג, און איך — מיינעם. איך וועל זיך ניט אַרומשלעפּן מיט דיר אַלע מיינע טעג. איך וועל ניט זיין קיין שטיין אויף דיין האַלדז!"

ער האָט איר אַ גלעט געטאָן די שוואַרצפּעכיקע האָר, זי אָנגענו־מען פאַר דער האַנט און געזאָגט: — „לעבן דער אַכטער גאַס איז דאָ אַ רעסטאָראַן, דאָרטן איז דאָ גוטע שפּייז און אַ טרונק". ס'איז געווען הונגער אין אירע אויגן, הונגער אויף אירע ליפּן. זי האָט קוים גע־שלעפּט די פּיס. עס איז ציכטיק און זויבער. טישלעך פאַר צווייען און טונקעלע ליכט. אין דער זייט איז אַ שענק. מען טרינקט, מען זינגט. מיידלעך און מענער לאָזן זיך פריי גיין און לעבן אַ גוטן טאָג.

ער טרינקט פּאַמעלעך. זי עסט, קוקט אויף אים און שמייכלט. ער טראַכט, אַז זי איז נישט מער ווי אַ יאָר זיבעצן. אַ שייגינקע, אָבער אַן אויסגעדאַרטע — הויט און ביינער. זי דערמאָנט אים אויף אַן אויסגעהונגערטער קאַץ. ער וואונדערט זיך ווער זי איז?... פון וואַנען קומט זי?... ווער איז איר טאַטע?... ווער איז איר מאַ־

מע?...ווער האָט איר געהאָלפן ווען זי איז געווען קראַנק?...און אַנדערע פראַגן מוטשן אים.

געענדיקט איר עסן, ווייזט זיך די מידקייט אויף איר פּנים. זי הוסט מיט דעם כריפּנדיקן הוסט, אָבער זי שמייכלט צו אים. — „נו, לאָמיר גיין! קום, ברודערל, קום!" —

זי האַלט זיין אָרעם און ער פילט ווי קראַנק און מיד זי איז. די פּאָליאַטשקע שטייט אין דרויסן ביים טיר. זי שמייכלט בלויז מיט אירע אויגן. — „וואוהין גייסטו מיט דער קורווע? איך האָב דיר פאַר־דונגען דעם חדר צום שלאָפן, אָבער ניט צו מאַכן אַ באָרדאַק! דאָ איז אַן אָנשטענדיק הויז. דו ווילסט אַז די פּאָליציי זאָל מיר פאַרמאַכן די טירן?"

— פאַרמאַך דיין פּיסק, פּאַסקודסטוואָ! איך וועל דיר אויסהאַקן דיינע ציינער, כאָלעריע! גיב מיר אַ חדר פאַר דעם קינד. איך וועל דיר באַצאָלן! העלף מיר זי אַרויפברענגען אויף די טרעפּ. שטיי ניט ווי אַ שטיק האָלץ.

זי האָט אים אָנגעקוקט און ניט געענטפערט קיין וואָרט. זי האָט געעפנט אַ חדר: — „נו באַצאָל מיר, גרויסער העלד! דו נאַרסט מיך גאָרניט אָפּ? דו וועסט שפּעטער אַריינגיין צו איר...דו וועסט אַרויסנעמען דיין געלט מיט פּראָצענט!"

— „גיי אין דר'ערד אַריין, שמוץ! העלף איר זיך אויסטאָן און ברענג איר אַ גלאָז וואַרעמע מילך. אפשר וועט דאָס איר העלפן".

פּאָול האָט איר באַצאָלט פאַר דעם חדר און אַ זאָג געטאָן, — „איך גיי אין מיין צימער, מאַטילדע. טו, איך בעט דיך, אַלץ וואָס דו קענסט פאַר העלענען. דערנאָך קאָנסטו קומען צו מיר, מיר וועלן זען".

פּאָול איז געזעסן אין דער פינצטער אין דער וויגשטול. עס איז אים געווען כמורנע אין קאָפּ. ער האָט געטראַכט, אַז ער וואָלט גע־וואָלט אָנשיכורן זיך און פאַרגעסן די „גאָדעם" וועלט און די מענטשן. דורך דער פאַרמאַכטער טיר הערט ער איר כריפּענדיקן הוסט. ער הערט די שווערע טריט פון מאַטילדען. דער דרויסן איז איין שטיק פינצטערניש. די פענצטער אָטעמען מיט נאַכט. דער גליוווער אין דרויסן איז ווי זיין אייגן לעבן. ער וועט קיין מאָל ניט געפינען דעם זינען, פאַרוואָס ווערט אַ מענטש געבוירן? וואָרום לעבט ער?...און וואָס איז דאָס פאַרגיין?... אויסגעלאָשן צו ווערן ווי אַ צאַנקענ־

דיקע ליכט. וואָרום?... עס קען דאָך ניט זיין גלאַט אַזוי! עפּעס מוז דאָך זיין פאַרבאָרגן, ערגעצוואו?

ער האָט איינגעדרימלט. מיט אַמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שטילן קלאַפּן אין טיר. — „קום אַריין, די טיר איז אָפן". ער האָט געוואוסט ווער עס קומט. נו, וואָס איז דער אונטערשייד? ער וועט זיך באַהאַלטן אין איר באַרג מיט לייב און פאַרגעסן זיין ווערעמדיקן לעבן. די נאַכט וועט פאַרגיין און אַן אַנדער טאָג וועט קומען. זאָל זיין אַזוי.

זי האָט שטיל פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. איר האַנט איז אויף זיין אַקסל, זי בייגט זיך אַריבער און קוקט אים אין פּנים אַריין און גלעט זיינע האָר. זי האָט זיך אַרומגעוואַשן, זיך פּערפּיומירט און שמעקט מיט ריינקייט. אירע אָרעמס שטאַרקע, האָבן אַ גלאַטע ווייכקייט וואָס ער האָט ליב. ער ווייס ניט וואָרום עס דערמאָנט אים די נאַכט, די פינצטערניש, די קאַשטאַנעןביימער און די וואָס ווייַנען אין דער נאַכט אַריין ווען זיי זוכן באַהעפטונג. ער פאַרמאַכט די אויגן און פילט, דורכן פענצטער בלאָזט אַריין דער ווינט מיט פייכטקייט פון אײדער עס רעגנט. ער זעט זיין היים־הויז מיט דער ליימיקער פאָדלאָגע. די גרויסע הילצערנע בעט, דער טאַטע און די מאַמע שושקען זיך; זייער שווערן אָטעמען און דאָס סקריפּן פון בעט, דאָס וואָיען פון ווינט און דאָס וויגן זיך פון די ביימער. אַלע נעכט אָטעמען מיט באַשאַפונג.

זי האָט געהאַט אַ שיין, ריין חדר. אַ סך פלעשער, פון וואָס דאָס האַרץ האָט געגלוסט. זי האָט געטרונקען ווי אַ מאַן און נישט געוואָרן שיכור. זי האָט געערעדט און געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן איר מאַן וואָס האָט זי פאַרלאָזן. — „געוועזן ווי אַ ווינט אין פעלד! ניט געקאָנט איינזיצן אויף קיין אָרט. עס האָט ניט געהאָלפן מיינע רייד. ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז גיין", ער וועט וואַנדערן אין דער נאַכט און זוכן די ברעגן פון אייביקייט. גערעדט מאָדנע, איך האָב אים קוים פאַרשטאַנען. געוואוסט האָב איך, אַז ער מוז גיין. כ'האָב אים געגעבן מיינע לעצטע פּאָר גראָשנס און ער איז אַוועק. געטראַכט האָב איך, אַז ער וועט צוריקקומען. שוין צען יאָר און ער איז נישטאָ. ער וועט שוין קיין מאָל ניט קומען צוריק. קענסט בלייבן מיט מיר, אויב דו ווילסט. אַרבעטן וועסטו ניט דאַרפן, חתונה האָבן מיט מיר אויך ניט. עס איז צו שפּעט אָנצופאַנגען דאָס לעבן אויפסניי. עס איז מיר אומע־

טיק צו זיין אַליין. וועסט לעבן מיט מיר ביז דו וועסט געפינען דיין גלייכן!״ —

אינדערפרי זיינען זיי אַריין צו העלענען און זי געפונען פיבער־דיק און ריידן פון היץ. מאַטילדע האָט גערופן דעם דאָקטאָר, דערנאָך איז פּאָול געשטאַנען אין דרויסן ביי דער טיר און געוואַרט אויף אים. ווען דער דאָקטאָר איז אַוועק האָבן זיי געוואוסט, אַז העלען איז זייער קראַנק. אַז ווען די היץ וועט אַרונטער וועט מען זי מוזן נעמען אין שפּיטאָל. דערווייל דאַרף זי ליגן אין בעט און מען דאַרף אַכטונג געבן אויף איר.

פּאָול האָט געטראַכט, אַז מאַטילדע וועט זיין אין כעס אויף אים פאַר דער מעשה מיט העלענען. אָבער, עס איז ניט געווען אַזוי. זי האָט אַכטונג געגעבן אויף איר ווי אויף אַן אייגן קינד. יעדן פרימאָרגן אַרום צען פלעגט זי גיין אין קלויסטער גאָט בעטן פאַר איר. אָבער דריי טעג שפּעטער האָט מען העלענען אַוועקגענומען אין שפּיטאָל וואו זי איז אין אַ פּאָר טעג אַרום געשטאָרבן. מאַטילדע האָט אויסגע־לייגט די געלט פאַר אַ שטיקל ערד און אַ הילצערנע ברעטל, ניט גע־וואָלט, אַז דער מיידלס ביינער זאָלן זיך וואַלגערן אויף פּאַטערס פילד.

איבערגעלאָזן דאָס בערגל ערד, די בלומען וואָס פּאָול האָט גע־בראַכט אַרויפצולייגן אויף דעם קבר, האָבן זיי זיך שטילערהייט גע־שאַרט דורך די אַלייען צום אַרויסגאַנג פון פעלד. עס איז שוין גע־ווען פאַרנאַכט ווען זיי האָבן זיך דערשלעפּט אַהיים. יעדער איז אַוועק צו זיך אין חדר כדי צו זיין אַליין. פּאָול איז געזעסן אין דעם טונ־קעלן חדר, געזען ווי די פינצטערניש קריכט דורכן פענצטער. ער האָט זיך געוויגט אין שטול און געהאַט אַ טשאַד אין קאָפּ. ער איז אַוועק צום האַפן זען וואָס ס׳טוט זיך מיט זיין שיף. אַ פּאָר טעג וועלן זיי זיין נאָכאַמאָל אויפן וועג קיין סינגאַפּאָר, פאָרן פון אינדזל צו אינדזל ביז דער בויך פון שיף וועט ווערן אָנגעלאָדן מיט פרוכט און האָלץ ביז צום פלאַצן. אין סאַן פראַנציסקאָ אַלץ אויסלאָדן. דערנאָך ווייטער פאָרן. צו וואָס?... צו ווען?... די כאָלעריע ווייס עס. דאָס בלוט איז מיט אומרו. דאָס האַרץ זוכט עפּעס, וואָס איז גאָר ניטאָ.

עס איז געווען די לעצטע נאַכט. ער איז געזעסן אין דער פינצ־טער און האָט געטראַכט וועגן זיך, וועגן העלענען, וועלכע איז אַזוי יונג אַוועק אין דער אייביקייט; וועגן מאַטילדען, וואָס אַחוץ דעם באַרג פלייש איז זי געווען אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ, און גע־

בענקט ווי אַלע מענטשן. געחלומט וועגן ליבע, ווי אַ יונג מיידל, גע־טראַכט וועגן איר מאַן אַוודאי, איז ער לעבעדיק אָדער טויט, אַז ער וועט קיין מאָל מער ניט קומען צוריק. געזוכט אַ באַפרידיקונג פאַר איר קערפער, וועלכער האָט פאַרלאַנגט, געוואָלט זי זאָל זיין אַ פרוי צו אַ מאַן; זעטיקן דעם הונגער פון בלוט, וואָס מאָנט און באַגערט.

אַ זוניק שטעטל אין פּאָלעסיע: הייזלעך, קברים, חלומות, פאַנ־טאַזיעס, וועלדער און פעלדער. יידן מיט גאָט אין האַרצן, זיינען צו־פרידן מיט וואָס מען האָט. קינדער ווי ציגן פילן אָן די הייזער. מען דאַרף זיך פרוכפּערן און מערן. נאָך און נאָך! אַזוי האָט גאָט געוואָלט! געבוירן ווערן, לעבן און שטאַרבן. אַ ראָד וואָס הערט זיך קיין מאָל ניט אויף דרייען. אָנפאַנג און ענדע. וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס אַלץ? ווער ווייס... מען גייט אין אַ טומאַן בלינד און מען טאַפּט מיט די פינגער, אָבער קיינער ווייס ניט וואָס דאָס איז.

מאַטילדע קלאַפּט שטיל אין דער טיר. זי שאַרט זיך אַריין אין חדר, זעט אים איינגעגנורעט אין שטול, קוקט אויף אים און שווייגט. זיצן זיי ביידע אין דער פינצטער און זי רירט אים ניט אָן. זי ווייס, אַז דאָס איז די לעצטע נאַכט, און אַז מאָרגן, איידער די זון וועט אויפגיין, וועט ער דאָ מער ניט זיין. אין האַרצן ווייס זי, אַז אַזוי דאַרף זיין. זי איז אַלט גענוג צו זיין פּאָולס מאַמע! ער מוז גיין זיין וועג אין דער ווייטער וועלט און זוכן ביז זיין האַרץ וועט עפּעס גע־פינען. זי ווייס, אַז זי איז אַ פּשוטע, קען קיין זאַך ניט דורכטראַכטן, ווייס קיין מאָל ניט דעם ענטפער צו פראַגן; ווייס נאָר, אַז אַזוי איז באַשערט פון דזשיזוסן, אַז זי מוז קלייבן ברעקלעך פון לעבן. דאַנקען גאָט אַז זי דאַרף ניט הונגערן און אָנקומען צו עמעצן. זי האָט אַלץ וואָס זי דאַרף אויסער אַ מאַנס אַקסל זיך אָנצושפּאַרן און זיך אויסצו־וויינען איר האַרץ. אַ מאַן, וועלכער זאָל איר גלעטן און קניפּן און זוכן באַפרידיקונג אין איר. זי ווייס, אַז זי וועט בלייבן איר גאַנץ לעבן אַליין. איר בויך איז פאַרשאָלטן. קיין קינדער וועט ניט זיין. קיין מאַן אויסער דעם וואָס זי וועט אויסבעטלען... אַזוי וועט שוין זיין.

פאַרטאָג. די זון שיילט זיך אויס פון דעם וואָלקענדיקן הימל. פּאָול שטייט אין קאָרידאָר. די טיר צום דרויסן האַלב־אָפן. מאַטילדע זאָגט שטיל: „גיי געזונטערהייט. אויב דו וועסט זיך אַמאָל דערמאָנען

— שרייב אַ קאַרטל. איך האָף, אַז דיר וועט גוט זיין וואו דו זאָלסט ניט זיין און וואָס דו זאָלסט ניט טאָן. אויב דו דאַרפסט עפּעס, שרייב מיר!"

זי גיט אַ כליפּע: — „דו קומסט מיר גאָרניט, פּאָול. איך דאַנק דיר פאַר די גוטע מינוטן וואָס דו האָסט מיר געגעבן. גיי געזונטער־הייט און זאָל גאָט דיך באַגלייטן". —

ער דריקט זי צו זיך און גייט פּאַמעלעך אַרויס אין גאַס. עס טוט אים ווי דאָס האַרץ פאַר מאַטילדען, פאַר העלענען, פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט. ער וואָלט געוויינט, קען ער ניט. ניטאָ קיין טרערן. אָבער דאָס האַרץ קלעמט אים מיט אומעט. וואָס עס וועט זיין מיט אים, ווייס ער ניט. אַלע בלאָנדזשען און ער אויך. קיין גליק וועט ער ניט האָבן. פרייד, ניט פאַר אים. אומעט וועט זיין דער באַגלייטער זיין גאַנץ לעבן. ביז דער שאָטן פון זיין יאָך וועט זיך אויסוועפּן. ביז ער וועט דערגרייכן די טיר פון אייביקייט.

# איך פאַרזיי ווינט

אַזוי איז אַמאָל געווען. אַלס אַ קינד פלעגט מייקל זיך שרעקן פאַר דער פינצטערניש. די מאַמע איז געזעסן לעבן זיין בעטל. גע־האַלטן זיין האַנט, אָדער געגלעט זיינע האָר. זי האָט גערעדט צו אים מיט אַ לאַסקנדיקער שטימע: „שלאָף איין, מיין קינד, טאַטעלע מיי־נער. גאָט האָט שוין לאַנג אָנגעצונדן די שטערן אין הימל. אַלע קינדער ליגן שוין באַהאַלטן אונטער די פליגלען פון דער נאַכט און די וואָלקנס שוועבן צום ענדע פון הימל און ערגעץ לאַנד".

מייקל קען איצט אויך ניט אַנטשלאָפן ווערן. ער טראַכט, און טראַכט, אָבער די געדאַנקען גליווערן מיט אַזאַ שווערקייט אין קאָפּ. שטויבן פון אָפּגעריסענע מינוטן רייסן זיך אויף די פליגלען פון ווינט צו די וואָלקנס. אַ סקריפּנדיקע בעט צעשטערט די פינצטערניש און אין דער הויך אַ פענצטער ביי דער סטעלי, וואָס איז פאַרהוילן אין גרויקייט, ווערט פאַרלוירן אין דער קאָמפּאַקטער פינצטערניש.

ווען ער איז געווען אַ יאָר פופצן האָט ער פאַרלוירן זיין היים. ער איז געווען אַ היפּשער יונג; ברייטע פּלייצעס און אַ קוטשמע שוואַרצע האָר. ער איז געבוירן געוואָרן מיט אומרו אין זיין בלוט און ניט געקענט געפינען קיין ווינקל אין דער היים. עס איז געקומען דער פרילינג האָט ער מער ניט געקענט אויסהאַלטן. אין איינעם אַ פרי־מאָרגן ווען די פינצטערניש האָט נאָך געגרויט, אַ פאַרגליווערטקייט איז געלעגן אויסגעצויגן אויף די גאַסן און הייזער — איז ער גע־שטאַנען אַ מינוט ביים שוועל און איינגעאָטעמט די טוכלעקייט פון זייער הויז. ער איז אַוועק און מער ניט צוריקגעקומען. קיין מאָל אַהיים קיין בריוול ניט געשריבן. ווי אַ שטיקל פּאַפּיר אויף דעם ווינט איז ער פאַרטראָגן געוואָרן.

טאַטע־מאַמע: ער טראַכט, אַז ער האָט זיי ביידע ליב געהאַט און דאָך האָבן זיי אַזוי שנעל זיך אויסגעבלאַסט אין זיין האַרצן; ער

געדענקט אַזוי ווייניק וועגן זיי. ער וואונדערט זיך ווי עס האָט אַזוי געקענט פּאַסירן? דאָך בלוט פון זיין בלוט, פלייש פון זיין פלייש? און דאָך מער ניט ווי אַ שטאַרבנדיקער אָטעם אין דער אייביקייט.

קאָשמאַרן! אַליין אין דער פאַרפרוירענער פינצטערניש. אַ מאַטע ליכט פון קליינעם פענצטער פון ערגעץ־וואו. די נאַכט וועט זיך איינ־בייסן אין די וואַסערן פון האָדסאָן און גליווערן. די הייזער און די צאַנקנדיקע ליכטלעך וועלן צוזאַמען פאַרלאָשן ווערן. יעדער מענטש וועט געפינען זיין נאָרע און וועט שפינען דאָס געזאַנג פון זיינע טעג. אַ קאָרידאָר וואו די ענדע באַגעגנט זיך מיט דעם אָנפאַנג. קיינער ווייס ניט וואוהין עס פירט; אַלץ איז באַהאַלטן אין די פאַלדן פון דער צייט, אַ לעגענדע וואָס פירט אין דער אייביקייט.

מייקל ליגט פלאַך אויף דער פלייצע און קוקט אויף דער סטעליע, אָבער די אויגן קענען זיך ניט דורכרייסן דורך דער קאָמפּאַקטער פינצטערניש. אַ גרויסע ראָד דרייט זיך און שלעפּט אים מיט צו די טויערן פון ערגעץ ניט. ער טראַכט, אַז לעבן און טויט איז אַריינגע־וועבט אין זעלבן טעפּיך; אַז דאָס לעבן האָט ניט קיין אָנפאַנג און קיין ענדע.

ענדלעך איז אַוועק די נאַכט. אַלאַבאַמאַ האָטעל איז דער אָטעם פון דער עליטע. די צימערן צוזאַמענגעקלאַפּט פון דינע ברעטלעך. עס שמעקט מיט טוכלעקייט. אייזערנע בעטלעך מיט פאַרזשאַווערטע רעדלעך. די לופט איז דיק און דער גערוך פון שוויס קלעפּט זיך צו די אויגן. שמאָלע שטיגן און רויט־געפאַרבטע ווענט. אַ שווערע טיר פירט צו דער בויערי. מען מוז פאַרטאָג פאַרלאָזן די בעטן. עס גרויט נאָך אין דרויסן וועגן מען הערט טימס שטימע: „העי! לייז! שטייט אויף!" ער קלאַפּט מיט אַ שטעקן אין טיר און האַלט אין איין באַליידיקן. קיינער ענטפערט ניט. מען פאָלגט און מען שאַרט זיך אַרויס שטילערהייט. מען פאַרלירט זיך אין גאַס.

די גאַס איז שאָטנדיק. אויבן איז דער עלעווייטאָר־בריק, פאַר־שטעלט דעם הימל און די זון. עס פרילינגט אויף דילענסי גאַס. אַ מילדע זון מיט דעם אָנזאָג פון צעבליטע ביימער. די גאַס ברויזט מיט לעבן און אויפגיין. מייקל שטייט אָנגעשפּאַרט לעבן אַ רויטער הויז און ווייס ניט וואָס צו טאָן. ער איז שוואַך און קען קוים שטיין אויף די פיס. שוין זעקס חדשים זינט ער איז געקומען פון סינגאַפּור, ער וואַלגערט זיך אַרום און קען צו זיך ניט קומען. דער טראָפּישער

פיבער פאַרצערט אים. דאָס פּנים פאַרגעלט. די אויגן אויסגעלאָשענע. דער קערפּער ווי אַ סקעלעט. אַזוי וועט ער פאַלן אין גאַס און וועט צעמאָלן ווערן: ער בעטלט וואו ער קען: — אָבער עס ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. די עלנטקייט דריקט אים, אַז ער קען שוין מער ניט אויסהאַלטן.

ער זיצט אויף די שטיגן פון אַ הויז און קוקט צום וואַסער פון איסט ריווער. ער וויל ניט טראַכטן פון זיין קינדהייט. אָבער עס העלפט ניט. אַזוי איז אַמאָל געווען. זיי האָבן געוואוינט אין אַ יידיש געסל אַנטקעגן אַ שול מיט באַצירטע פענצטער. — טאַטע־מאַמע זיינען געווען זייער פרום. אָרעמקייט איז געווען דאָס צירונג פון הויז. די מאַמע איז געווען אַן איידעלע, אַ בלייך פּנים, שוואַרצע האָר און אויגן. מייקל האָט אַלע מאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז זי איז מער ניט ווי אַ שפּינוועבס. זי איז געווען אַזוי צאַרט און ניט היענדיק.

דער טאַטע איז געווען אַ שמאַטע־קלייבער; פלעגט פאַרלאָזן דאָס הויז פאַרטאָג און קומען שפּעט אַהיים. ער האָט אַלע מאָל זיך געפונען שולדיק קעגן דער מאַמען. ער האָט זיך געשעמט פאַר די קינדער. די אָרעמקייט האָט זיך געפילט אין יעדן ווינקל פון הויז. ער האָט זעלטן גערעדט און איז אַרומגעגאַנגען אין הויז ווי אַ פאַר־לוירענער; זעלטן אויפגעהויבן די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען. עס האָט ניט געהאָלפן דער מאַמעס בלייכער שמייכל. עס האָט ניט געהאָלפן וואָס די קינדער זיינען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אומעטיקע, קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. מייקל האָט געהאַט צוויי שוועסטער. שיין ווי די זון, ליכטיקע, אויפגעפראַלטע אויגן. גאָט ווייס, וואָס עס איז געוואָרן פון זיי? . . . די יאָרן וואָס ער האָט זיי ניט געזען זיינען אַזוי פיל! — אָבער ער געדענקט אַלץ מיט אַזאַ קלאָרקייט ווי עס וואָלט נעכטן געווען. ערשט נעכטן אין דער זעלבער צייט פון פרילינג. ער שאַרט זיך אַרויס פון הויז, פאַרמאַכט פאַמעלעך די טיר, קריכט אַרונטער די שטיגן צו דער גאַס. ער ווייס אַז ער וועט צוריק ניט קומען! ער ווייס אַז ער וועט טאַטע־מאַמע און די שוועסטער מער ניט זען! ער גייט איבער דער גאַס און שטייט לעבן דער שול און הערט זיך איין צום דאַווענען פון די יידן. ער הערט זייער געבעט. די שטימען רייסן זיך דורך די פענצטער. ער פאַרמאַכט די אויגן און רייסט זיך אַוועק פון פּלאַץ. גאָט ווייס וואו די אויגן וועלן אים פירן.

מייקל טראַכט: איך בין שוין אַריבער דריי און צוואַנציק. אַנ־דערע האָבן שוין היימען, קינדער און אַ ווינקל וואו זיך אָפּצורוען. אָבער ניט ער. ער וועט קיין מאָל קיין היים ניט האָבן; ער וועט קיין מאָל ניט רוען. ער וועט גיין איבער דער וועלט און וועט קיינמאָל ניט האָבן אַוואו די קאָפּ אַוועקצולייגן. ער וועט שטאַרבן ווי אַ היימ־לאָזער הונט און וועט באַגראָבן ווערן אין פּאַטערס־פעלד צווישן פרעמדע און היימלאָזע. אַהיים וועט ער צוריק ניט גיין! — ער וועט קיין מאָל ניט איבערטרעטן זייער שוועל. ער איז אַ פרעמדער צו זיי, און אַ פרעמדער צו דער וועלט:

„העי, ברודער מיינער! הייב אויף די אויגן.
אַ ים פייגל איז איצט דורכגעפלויגן.
וואָלקנס שוועבן ערגעץ, ערגעץ וואו,
ברודער מיינער, אין ערגעץ איז ניטאָ קיין רו".

(מאַטראָזן ליד)

ער וועט קיין מאָל ניט געפינען קיין רו. ער וועט אַלע מאָל זיין אַזוי, אַ שפּענדל געטראָגן פון ווינט צום ערגעץ ניט. אַ האַרץ פון אַ טרוימער, אַ קאָפּ פון אַ נאַר.

אַ מאָל איז ער געווען ווי אַנדערע קינדער; געהאַט אַ טאַטן, אַ מאַמע, אַן אומעטיקע הויז. געהאַט די ליבע פון טאַטע־מאַמע ווי אַלע גאָטס קינדער, געשפּילט אין די גרענעצן פון דער שמאָלער געסל, געהערט די שטימען פון די יידן, וועלכע פלעגן קומען אין שול גאָט בעטן. פרייד און לייד, טרערן פון בענקען און ליידן. געאָטעמט אומרו, און אַ בענקענדער נאָך גאָט. אַלע מאָל געפילט אַז קיין מענטש קען ניט שטיין אויף די פיס, מען מוז זיך אָנשפּאַרן אָן עמעצן. קיינער קען ניט זיין אַליין! קיינער ניט.

אָבער מייקל ווייס אַז ער איז איצט אַליין. ווייט פון מענטשן און גאָט. ער שטיקט זיך מיט די אייגענע געדאַנקען, און מיט זיין אומעט. אַוואו מען זאָל ניט גיין קומט מען צוריק צום פּלאַץ וואו מען האָט אָנגעפאַנגען. פון זיך אַליין קען מען ניט אַנטלויפן, מען קען ניט.

ער געדענקט ווען ער איז געווען אַ קינד און זייער קראַנק. — אין שולע האָט ער ניט געקענט גיין. ניט געקענט זען די גאַס אין מאָנאַטן. דער טאַטע איז אַוועק צו זיינע שמאַטעס. די מאַמע האָט געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט. עטל האָט געהאַט צימערן אויפן

צווייטן זייט פון קאָרידאָר, זי איז געווען די איינציקע, וועלכע פלעגט פון צייט צו צייט אַריינקומען. זי איז געווען אַזאַ ליבינקע, מיט אַזאַ גרויס האַרץ, וואָס האָט מיט איר גוטסקייט געקענט אַרומרינגלען די וועלט. זי איז געווען אַן אויסגעדאַרטע מיידל. אירע גרויע האָר פאַר־קעמט אויף אַרויף, איר ציצענע קליידל האָט געשפּיגלט אויף איר. אירע פינגער גלאַטינקע ווי זייד. ער וועט זיי קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

זיין בעטל איז געשטאַנען האַרט ביים פענצטער. די גאַס האָט ער ניט געקענט זען, נאָר דעם הימל מיט די וואָלקנס יאָ. אַ סך מאָל האָט זיך אים געדוכט אַז זיין בעטל הענגט אין דער לופטן צווישן הימל און ערד, אַז אַ גרויסער לעגענדאַרער פויגל טראָגט אים אַוועק אין ערגעץ ערגעץ־לאַנד. אַ לאַנד פון זון־שיין און אייביקע בליאונג.

זיין גאַנץ לעבן וויל ער אַנטלויפן פון דער וועלט אין זיך אַליין. וואָס טרייבט דיך, מייקל? וואו לויפסטו?... און וואָס ווילסטו גע־פינען?... וויפיל מאָל האָט ער זיך אַליין געפרעגט די פראַגן. עס איז ניטאָ קיין ענטפער. עס וועט קיין ענטפער קיין מאָל ניט זיין. אַ הונט לויפט אין אַ קרייז, וויל כאַפּן זיין אייגענעם עק. אַ פליג קלאַפּט אין אַ פאַרמאַכטן פענצטער, וויל זיך אַרויסרייסן דורך דער שויב, ווייל אויף דער אַנדערער זייט איז דאָ לופט. אַ מענטש בעט גאָט אויף אויסלייזונג. אַלע ווילן איבערשפּאַנען די גרענעצן פון זיין. און דערנאָך?...

צו זיי אין הויז פלעגט אַמאָל אַריינקומען אַ בלינדער ייד. ער איז געווען אַ ציכטיקער, אַלע מאָל אויסגעוואַשן, די באָרד אויסגע־קעמט און דאָס העמד זויבער ריין. ר' מענדל, פלעגט דער טאַטע אים רופן. מייקל איז נאָך דעמאָלט קיין פינף יאָר ניט אַלט געווען. ער האָט אַזוי ליב מענדלען דעם מאָדנעם ייד, וועלכער האָט געקענט אַזוי פיל וואונדערלעכע מעשיות דערציילן. מענדל פלעגט אים אַוועק־זעצן אויף די קני, אַ גלעט טאָן מייקלס האָר. אַ ליכטיקן שמייכל־טאָן און קוקן מיט זיינע בלויע בלינדע אויגן דורך דעם פענצטער און אַ זאָג טאָן: „די זון שיינט אין דרויסן, די ביימער וועלן באַלד בליען און די טייכן וועלן זיך שפּיגלען אין גאָלד; דאָס אייז און שניי וועלן זיך צעשמעלצן און ריטשקעלעך וואַסער וועלן שטראָמען צום טייך. און וועלן זיך באַהעפטן מיט אַלע וואַסערן אין איין ריזיקן שטראָם. זיי וועלן דערגרייכן זייער היים, פון וועלכער זיי האָבן געחלומט און געבענקט — אַלע צוזאַמענברענגען אַהיים".

פֿאָרן שיפֿן איבער ימען. ווינט און שטורעם. ווינטער טעג. די קעלט פֿאַרפֿרירט דעם אָטעם. זומער טעג מיט פֿרידלעכע וואַסערן און שטיפֿנדיקע הימלען. נעפּל, וועלכער שמעלצט צוזאַמען הימל און ערד; טרעמפּ־שיפֿן, וועלכע שווימען אָן אַ ציל, גלאָט אין דער וועלט אַריין. האַפֿנס, הור־הייזער, פֿרעמדע שטעט און הייזער, וואָס שוועבן פֿאַרביי ווי קאַליידאָסקאָפּן. בילדער ווערן געבוירן און פֿאַרגעסן און קומען צוריק אין מאָמענטן אומדערוואַרטעטע. פֿרויען פֿון אַלע קאָלירן דרייען זיך אין אַ קאַראַהאָד, פֿאַרלאַנגען גאָרניט, אויסער אַ מינוט לעבן. אַזוי איז געווען, אַזוי איז געווען.

פֿרייטיק פֿאַרנאַכט און די מאַמע בענטשט ליכט. זי פֿאַרדעקט די אויגן מיט אירע הענט און מורמלט עפּעס אַ געבעט. דער טאַטע איז פֿאַרפּוצט אין די בעסטע קליידער. באַלד גייט מייקל מיט דעם טאַטן אין שול. דער טאַטע וועט אים נעמען ביים האַנט און זיי וועלן אַרי־בער די גאַס. אַריינגיין דורך דער גרויסער דעמבענער טיר אין שול. אַ געפֿיל פֿון יום־טוב וועט אים אַרומנעמען, אַן אומבאַשרייבלעכע פֿרייד.ער האָט אַלע מאָל געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער באַהעפֿט זיך מיט די אַנדערע יידן, אין גאַס.

און די ראָד דרייט זיך. זיין ערשטע רייזע אויף דער שיף. זיין ערשטע לאַנדונג אין האַפֿן אין פֿראַנקרייך. די שיף אויסגעלאָדן. צוויי טעג פֿריי. ער וואַנדערט אין האַפֿן אַליין. נאָך ניט באַפֿריינדעט מיט אַנדערע מאַטראָזן. געוואָלט צום ערשטן פֿילן, פֿאַרשטייען זייערע וועגן. זיך אַביסל געשראָקן פֿאַר זיי. איז ער אַליין. ווייס ניט וואו צו גיין, וואָס צו טאָן; שפּאַצירט ער פֿאַמעלעך, קוקט אַריין אין פֿענצ־טער פֿון די קאַפֿייען. אומעטום דאָס זעלבע: מען טרינקט, מען זינגט און די מיידלעך קלעפּן זיך צו די מענער ווי פֿליגן. היינט דאָ, מאָרגן ניטאָ. שיפֿן שווימען איבער אָקעאַנען. נייע שטעט, נייע לענדער. מען טרינקט פֿון בעכער וויפֿיל מען קען. און דערנאָך גייט מען צוריק צום שיף אַ ליידיקער מיט אומעטיקע געדאַנקען:

„אַ שפּין אין אַ וויגעלע.
אַ שיין ווייסע ציגעלע".

וואַרום האָט די מאַמע אים אַלע מאָל פֿאַרוויגט מיט אומעטיקע לידער? וואַרום איז דער טאַטע געווען אַזאַ שווייגנדיקער, אַזאַ פֿאַר־לוירענער?... וואַרום איז מייקלען געווען אַזוי שטיקדיק אין הויז?...

ווער ווייס, די שוועסטער פלעגן דאָך אַמאָל זינגען און לאַכן. די זון פלעגט דאָך אַריינפּראַלן דורך איין פענצטער פון הויז, ווארום זיינען דעם טאַטנס טריט געווען אַזעלכע שטילע, אַזעלכע פאַרלוירענע? וואָרום האָט ער זיך געפילט שולדיק דאָס גאַנצע לעבן? ווער ווייס, ווער ווייס, און וואָרום איז ער, מייקל, אַוועק פון דער היים? געזייט ווינט און ערשט צו דריי און צוואַנציק יאָר איז ער, אַ קראַנקער, אַ היימלאָזער, אַ צעפּרעסענער פון צווייפל, און קען זיין ווער ניט געפינען?

רעדער דרייען זיך. עס טומלט זיך אין גאַס. טשאַטהעם סקווער, גאַסן, מענטשן און רעדער. אַלטע גרויע הייזער, בלינדע פענצטער. היימלאָזע. עס שפּרודלט מיט לעבן, עס שפּרודלט מיט טויט. אַלץ איז אויסגעמישט, אַלץ איז ווי אַ יאַריד פון גיין און פאַרגיין. און ער, מייקל, דעם שמאַטניקט זון, איז אין מיטן. ער איז אומעטום אין מיטן. ניטאָ קיין אָנפאַנג, ניטאָ קיין ענדע. אין מיטן פון אַ גרויס געדריי; אין טומל, אין מיטן פון לעבן און טויט.

שיפן און זאַמדיקע וועגן. בערג און פלאַך־לאַנד. סינגאַפּור און באָרנעאָ, מאַרסעי און אַלזשיר. שטעט און שטעטלעך. אַזוי פיל מענטשן און דאָך אַליין. — גרין, בלויע וואַסערן. הימלען מיט אַלע קאָלירן. אומעטום איז דער האָריזאָנט וואו דער הימל קושט זיך מיט דער ערד. פרויען אין די טראָפּיקס, האַלב־נאַקעטע, מיט שמוציקע לייבער. פרויען אויסגעפּוצטע אין זייד מיט פאַרפיומירטע קערפערס. אַ קאַראַ־האָד, אַ וואַקלאַנאַליע פון גיין און פאַרגיין.

אַ טונקעלער קאָרידאָר האָט געפירט צו זייערע צימערן. אינעווייניק אָרומגערינגלט מיט בלינדע ווענט, האָט די זון נאָר דער־גרייכט אין איין חדר. אונטער זיי איז געווען דער קעלער און די ווענט האָבן אַלע מאָל געשמעקט מיט ווילגאַטש. אַז עס האָט גערעגנט האָבן די ווענט געשוויצט מיט פייכקייט. מייקל האָט זיך קיין מאָל ניט געאיילט קומען צוריק אין הויז. ער איז געווען אַלע מאָל אין דרויסן, זיך ניט געוואָלט זעגענען מיט דעם טאָג־ליכט, געוואָלט אַריינכאַפּן נאָך איין שטראַל פון דער זון, נאָך אַמאָל אַ קוט טאָן אויפן הימל איידער דער אָוונט נידערט אַראָפּ. שפּעט ביינאַכט פלעגט ער נאָך ליגן אַ וואַכעדיקער און טראַכטן, און טראַכטן. קיין מאָל ניט געוואוסט ווי צו מאַכן שלום מיטן לעבן. אַלע מאָל געפילט ווי אַ הונט אויף אַ קייט, וואָס רייסט זיך, און קען זיך קיין מאָל ניט באַפרייען.

מייקל האָט געמוזט אַנדרימלט ווערן. ווען ער האָט געעפּענט די אויגן האָט די זון געהאַלטן ביים פאַרגיין. ער איז געזעסן אויף אַ באַנק אין פּאַרק אין „סאוט פּערי" און האָט אַפילו ניט געדענקט ווי ער איז געקומען אַהין. אַ קילער ווינט האָט געבלאָזן פון וואַסער, און די בליענדיקע ביימער איבער אים האָבן זיך באַוועגט. ער האָט זיך ניט גערירט און געמורמלט כאָטש ער האָט אָנגעהויבן פילן קיל. ער האָט געפילט בעסער, דער קאָפּווייטיק איז פאַרשוואונדן, און די גלידער זיינען ניט געווען אַזוי שטייף. ער האָט געקוקט אויף דעם האָדסאָן, געזען די כוואַליעס שלאָגן ביים ברעג. די שיפן האָבן זיך געענדיקט. אין אַ טונקעלן פאַרגיין האָבן זיי נאָך געשטראַלט מיט זון־פאַרגאַנג און וואו דער האָריזאָנט האָט זיך געענדיקט האָט דער הימל זיך באַהעפט מיטן וואַסער און געוואָרן איינס.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים אָן צערעמאָניעס און גע־קוקט אין ערגעץ ניט. זי האָט געהאַט קאָרענע האָר און גרוי־גרינע אויגן, און דאָס פּנים האָט געהאַט דאָס אויסזען פון אַ סך לעבן. די ווינקלען פון די ליפּן זיינען געווען פאַרשטייפט, און די קורץ־פאַרשוי־רענע האָר האָבן זיך באַוועגט אין ווינט. זי האָט אים געגעבן דאָס געפיל אַז זי ווייס, און באַלד וועט דאָס שפּיל זיין פאַרענדיקט און איר נאַכט וועט קומען.

זי האָט געקוקט אויף אים אומפאַרשעמט. אַ שמייכל געטאָן. „פון וואַנען קומט אַ מאַטראַז, און וואָס זיצט ער איינער אַליין?... און וואָרום אַזאַ אומעטיקער, ווי די וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען"... זי האָט זיך צוגערוקט צו אים, זיך איינגעבויגן ביז אירע ברוסטן האָבן אָנגערירט זיין אָרעם. זי האָט עפּעס אַריינגעשושקעט אין זיין אויער און ער האָט מיט אַ פּראַגע־צייכן אַ קוט געטאָן אויף איר.

„איך האָב ניט קיין געלט, ליבענקע. איך וואָלט זיך געוואָלט וואַרעמען לעבן דיר, אָבער דו ווילסט דאָך מן הסתם קריגן באַ־צאָלט?... איך קען איצט ניט צאָלן פאַר ליבע. איך האָב ניט קיין פּרוטה, טייערינקע. גיי געזונטערהייט און זיך דיר אַ בעסערן מאַן. פון מיר וועסטו גאָר ניט האָבן".

זי האָט אַ לאַך געטאָן. „איך דאַרף ניט קיין געלט! און איך בין ניט קיין פּראָסטיטוטקע. — איך זוך אַ מינוט לעבן. די טעג פאַר־שווינדן ווי זאַמד צווישן די פינגער. איך בין שוין מער ניט יונג,

איך שרעק זיך פאַר מיין אַליינקייט. איך שרעק זיך פאַר דער עלטער, ווען די טעג ווערן ווי פאַרגעלטע בלעטער, וואָס שמעקן מיט טויט".

„פאַרגיב מיר", האָט מייקל אַ זאָג געטאָן. זיי ניט בייז אויף מיר. איך פיל אַזוי דערשלאָגן און פאַרלוירן. איך בין קראַנק ווי אַ קרע־ציקער הונט. איך האָב קיין מאָל ניט דערוואַרט באַרמהאַרציקייט פון מענטשן. פאַרגיב מיר, ליבינקע".

„איך קען שוין זיין דיין מאַמע. כ'האָב קיין קינדער קיינמאָל ניט געהאַט. איצט איז שוין צו שפּעט. איך האָב אַ פיינע היים, אָבער דער אומעט זינגט אין די ווינקלען. איך האָב גענוג צו עסן און טרינקען, אָבער דער ביסן איז האַרט און טרוקן און אָן פרייד. — ווען מיין מאַן איז געשטאָרבן, מיט אַ סך יאָרן צוריק, בין איך גע־בליבן אַליין, און איצט איז צו שפּעט: דאָס ביסל פרייד מוז איך זוכן אומעטום וואו איך קען עס נאָר געפינען. דאָ אַ ברעקל, דאָרט אַ ברעקל. ווי אַ בעטלער זוך איך אַ שמייכל און אַ גלעט".

זי האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און איז געזעסן אַ רגע אַ שווייגנדיקע. ער האָט אַ גלעט געטאָן אירע האָר. זי האָט געכאַפּט זיין שמוציקע האַנט און געקושט. ער האָט אַזאַ רחמנות גע־האַט אויף איר, רחמנות געהאַט אויף זיך אַליין און אויף אַלע מענטשן פון דער וועלט. פאַר אַלע וואָס זיינען עלנט און אַליין.

ווען זיי זיינען אַרויס פון פּאַרק איז געווען אַן אומרואיקייט אין דער לופטן. דער ווינט האָט זיך געריסן פון וואַסער און שאַרף געטרייסלט די ביימער. זי האָט אים געהאַלטן אונטערן אָרעם און געדריקט צו זיך, און ער האָט געפילט ווי צו וויינען! ער האָט געוואוסט אַז ער וועט האָבן אַ וואַרעם בעט און אַ פרוי. ער האָט געטראַכט אַז אירע צאַרטע פינגער וועלן אַרונטערוואַשן דעם שמוץ פון זיין לייב. נאָר מייקל האָט געוואוסט אַז זיין האַרץ וועט אַלץ פוסט זיין, און דער ווינט וועט וואָיען אין אים, אַז זיין נשמה וועט אַלץ ניט זיין קיין היגע, אַז קיין רו וועט ער ניט געפינען; אַז וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן וועט ער זיין אַליין, אַז אייביק וועט ער זייען ווינט, זייען ווינט.

# אין ערגעץ ניט

עס איז געווען אַ הייסער טאָג אין אויגוסט. איך בין געזעסן אויף אַ באַנק אין „בעטאָרי פּאַרק״. אַ קילער ווינטל האָט געבלאָזן פון „האָדסאָן ריווער״, און דער גרויסער בוים איבער מיר האָט געשיצט פון דער זון. פראַנציסקאָ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער אַנדערער זייט פון באַנק. ער האָט מיך אָנגעקוקט. אַ פּאָר מאָל, אַ שמייכל געטאָן און געוויזן זיינע ווייסע ציינדלעך. איך האָב אים באַטראַכט פון אַ ווינקל אויג. איך האָב באַשלאָסן אַז ער מוז זיין אַ יאָר צוועלף. שוואַרץ ווי אָפּגעפּאַלירט. אַ קליין קעפּל מיט געקרייזלטע האָר, און אויגעלעך ווי פונקען פייער ביי נאַכט.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר און גערעדט ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן: — עס איז אַזוי פאַרדאַמט הייס. און מיין האַלדז איז טרוקן. עס וואָלט געווען אַזוי גוט צו לעקן אַ ביסל אייז־קרים, און טרינקען אַ גלאָז לעמאָנאַד. דער גומען מוז ביי דיר זיין פאַרטריקנט. —

איך האָב זיך צעלאַכט, אים געגעבן אַ האַלבן דאָלאַר און געזאָגט: „גיי קויף וואָס דו ווילסט. ברענג מיר לעמאָנאַד, איך בין טאַקע דאָרשטיק״. —

ער איז אַוועקגעלאָפן, און איך האָב געטראַכט, אַז איך בין שוין מיט אים פאַרטיק. אַז ער וועט צוריק ניט קומען. אַ יאָלד וועט ער זיין דאָס צו טאָן. אַ האַלבער דאָלאַר איז אַ סך געלט ביי אַזאַ יאַט. אָבער, איידער איך האָב זיך אַרומגעקוקט איז ער געווען צוריק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, געגעסן די אייז־קרים און זיך באַלעקט, געטרונקען דורך אַ שטרוי די לעמאָנאַדע. מיר זיינען געזעסן שווייגנדיקע, און איך האָב געוואַרט צו זען וואָס ווייטער וועט זיין. דאָס פאַרבליבענע קליין־געלט האָט ער מיר ניט געגעבן. זיך געמאַכט ניט וויסנדיק.

ווען איך האָב אים אַ פרעג געטאָן וועגן דעם האָט ער זיך אַ ברוגז געטאָן אויף מיר, און אַ זאָג געטאָן: קוקסט אויס ווי דו האָסט אַ סך געלט. דו מוזסט אָבער זיין אַ קאַרגער. איך קען נוצן די פּאָר פּעניס בעסער ווי דו. דיר וועלן זיי ניט פעלן. —

ווען איך האָב אים געזאָגט אַז עס איז ניט שיין אַזוי, האָט ער מיך אָנגעקוקט און דאָס ניט געקענט פאַרשטיין. ער האָט אַריינגע־שפּאַרט דאָס הענטל אין קעשענע און מיר דערלאַנגט די דריי ניקלס און מיט פאַראַכטונג אַ זאָג געטאָן: — אָט האָסטו דיין פאַרמעגן; האַלט דאָס שטייף, דו וועסט דאָס מיטנעמען אין קבר. —

איך האָב אים אַ גלעט געטאָן דאָס קעפּל.

ער האָט זיך צעשמייכלט. — וואָס איז דיין נאָמען, מיסטער? — ווען איך האָב אים געזאָגט, האָט ער לאַנג געקוקט אויף מיר. זיין פּנים איז געוואָרן אַביסל פינצטער. — דו ביסט אַ ייד. דו ביסט איינער פון די, וואָס האָבן דערהרגעט יעזוסן. דו האָסט בלוט אויף דיינע הענט. —

איך האָב זיך אַ צאַפּל געטאָן. דאָס האָב איך זיכער ניט דער־וואַרט. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים. זיין פּנים איז געווען פול מיט צער. זיין אונטערשטע ליפּ איז אַרונטערגעהאַנגען, איך האָב געטראַכט אַז ער וועט זיך באַלד צעוויינען. איך בין געוואָרן זייער אויפגערעגט און עס האָט מיר אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז.

— דו שוואַרצער באַסטאַרד; גיי צום שוואַרץ יאָר אַוועק פון מיר. איך האָב דערהרגעט דיין גאָט? האָב איך? איין כאַליערע אויף איך אַלעמען. —

איך האָב געטראַכט אַז ער וועט אַנטלויפן פון מיר. אָבער דאָס האָט ניט פּאַסירט. ער איז געזעסן און געקוקט אויף מיר. דערנאָך אַרויפגעלייגט זיין הענטל אויף מיין אַקסל. — נו, זיי ניט ברוגז. מענטשן זאָגן, זאָג איך אויך. קען זיין אַז דאָס אַלעס איז אַן אויסגע־טראַכטע זאַך. נו, פאַרגעס וועגן דעם. דיין נאָמען איז ביאַלין? אַ שיינער נאָמען, אַ שיינער נאָמען. נו, איצט זיינען מיר נאָך אַמאָל פריינט. — ער האָט זיך צעלאַכט און, אָנגעכאַפּט מיין האַנט און גע־דריקט צו זיין האַרצן.

מיר האָבן ביידע געשוויגן אַ מאָמענט. — הער זיך איין, פראַנ־

סיסקא, איך מוז אַוועקגיין, אַ מענטש מוז עפּעס טאָן צו פאַרדינען זיין ברויט. אָבער געוואָלט האָב איך דיך זען נאָך אַמאָל. איך גלויב, אַז איך האָב מיט דיר אַ סך צו רעדן. ווילסטו מיך טרעפן מאָרגן אויף דעם זעלבן פּלאַץ? — גוט, מיין פריינט. —

ווען איך בין אַוועק איז ער געבליבן זיצן אויף דער באַנק און האָט מיר נאָכגעקוקט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער בין איך געבליבן שטיין ביים ראָג גאַס און אַ געדאַנק איז מיר געקומען אַז איך האָב ניט געהאַנדלט אָנשטענדיק. איך האָב אים געדאַרפט איבערלאָזן אַ פּאָר פּעניס. מיך האָט פאַרדראָסן וואָס איך האָב ביי אים אַוועקגע־נומען דאָס קליין געלט. איך האָב זיך אומגעקערט צוריק. אָבער די באַנק איז געווען ליידיק, און פראַנציסקא איז שוין מער אין פּאַרק ניט געווען.

דעם קומעדיקן טאָג האָב איך זיך געאיילט צו גיין אין באַטערי פּאַרק. איך בין אויפגעשטאַנען פאַר פרי, און בין געווען אומרואיק. איך האָב געדאַנקט גאָט אַז דער נאָכמיטאָג איז געקומען, זיך גע־איילט צום פּלאַץ וואו איך האָב אים געדאַרפט טרעפן. ער האָט שוין געוואַרט אויף מיר מיט אומגעדולד. ער איז געווען אַ באָרוועסער, די לייוונטענע שיך אויף דער ערד. זיינע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער די אַלעען. ווען ער האָט מיך דערזען איז ער מיר געלאָפן אַנטקעגן, אָנגעכאַפּט מיין האַנט און זיינע אויגן האָבן געלויכטן. — איך בין געווען זיכער אַז דו וועסט ניט קומען. איך האָב געטראַכט אַז מען קען די ווייסע באַסטאַרדס ניט געטרויען. איצט שעם איך זיך פאַר מיינע נאַרישע געדאַנקען. איצט ווייס איך אַז דו ביסט אַנדערש, און ניט ווי די אַנדערע. —

עס איז געווען אַ פרילינג טאָג אינמיטן זומער. איינער פון די טעג וואָס ברענגט פרידן אין דיין האַרצן. מיר האָבן אַרומשפּאַצירט און גערעדט נאַרישקייטן, געלאַכט און זיך געפרייט. מיר האָבן גע־וואָרפן שטיינדלעך אין וואַסער און געמאַכט קאַטשקעס. מיר האָבן פּרובירט טרעפן וואוהין די שיפן גייען, און ביי וועלכע ברעגן זיי וועלן אַנקערן. מיר האָבן געוואָלט מיטפאָרן מיט זיי און פאַרלוירן ווערן אין סוף פון האָריזאָנט. מיר זיינען אַוועק זיכער אַז וואו די ערד קושט דעם הימל, געפינט זיך דאָס לאַנד פון חלומות.

מיין טאַנטע העניע האָט מיר מיטגעגעבן שפּייז. זיינען מיר אַרונטערגעקראָכן צום ברעג, זיך געזעצט אויף אַ גרויסן שטיין, און

געזען ווי די כוואַליעס שלאָגן זיך אָפּ אין די סקאַלעס. ווייסער שוים, ווי אַ קאָכעדיקער קעסל וואַסער, האָט זיך אָנגעשלאָגן צום ברעג און מיט אימפּעט געלאָפן צוריק. דאָס וואַסער ווי גרינער קרישטאָל האָט זיך געשפּילט מיט דער מילדער זון. פראַנציסקאָ איז געזעסן שטיל, און די אויגן זיינע האָבן פאַרלוירן דעם שיין. זיין פּנים ווי אַ מאַסקע פון עבאָני האָט געשפּיגלט מיט אומעט.

מיר האָבן אָפּגעגעסן, פאַרטרונקען מיט לעמאָנאַדע און שווייגנדיק געקוקט אויף די שיפן וואָס זיינען פּאַמעלעך געשוואומען צו זייערע ברעגן אין די פאַרשיידענע לענדער. די פייגל האָבן נאָכגעפאָלגט די שיפן, זיך געדרייט אין אַ קרייז, און פון צייט צו צייט געבליבן רוען אויף דעם וואַסער, און זיך געוויגט אויף די כוואַליעס. פראַנציסקאָ האָט פּלוצלונג גלאַט אַזוי אַ זאָג געטאָן: — ווען איך וועל אויסוואַקסן וועל איך ווערן אַ מאַטראָז. איך וועל קיינמאָל ניט אויפהערן צו פאָרן. עס איז נאַריש זיך צו האַלטן אויף איין אָרט...

— עס איז אַ שווער לעבן, בחור — האָב איך געענטפערט.

— פון וואַנען ווייסטו? איך בין זיכער אַז דו האָסט קיינמאָל ניט פאַרלאָזן די ברעגן פון ניו יאָרק. —

— איך האָב אַ לאַך געטאָן. „אַ סך ווייסטו. איך קען דיר דערציילן אַ פּאָר זאַכן און דיר וויזן ווי נאַריש דו ביסט".

— נו, דערצייל, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

— גוט! וועל איך דיר טאַקע דערציילן. איך בין געווען צוועלף יאָר אַ מאַטראָז. געווען אין אַלע עקן וועלט, געזען אַלץ און איך בין צוריקגעקומען אַהיים און זיך מער פון אָרט ניט גערירט. —

— דו שפּאַסט ניט? האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט וואונדער. „בעסער דערצייל מיר פון אַלץ, אָבער ניט קיין אויסגעטראַכטע מעשיות".

— נו, וועל איך דיר טאַקע דערציילן. איך האָב פאַרמאַכט אויף אַ מינוט די אויגן און געלאָזן דאָס ווינטל בלאָזן דורך מיינע האָר. איך האָב פּלוצלונג דערפילט אַ וויטאָג אין האַרצן, ווי אַ טעמפּער מעסער וואָלט מיין פלייש געשניטן. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין הענטל אויף מיין אָרעם און געוואַרט אַז איך זאָל דערציילן.

— לאָז מיך אָנהויבן פון סאַמע אָנפאַנג. איך וויל אַז דו זאָלסט האָבן אַ באַגריף אין וואָס עס האַנדלט זיך. איך בין געבוירן געוואָרן

אין אַ קליין שטעטל. די הייזער זיינען געלעגן אין אַ לאַנקע צווישן וועלדער און טייכן. מיין טאַטע איז געווען גרויס ווי אַ בער. ווי אַ דעמב, הויך געוואַקסן, און מיט זוניקע, וואַרעמע אויגן. די מאַמע ווי אַלע מאַמעס האָט נאָר געוואוסט צו האָבן וואָס מער קינדער, און זיי זייער ליב געהאַט.

דער טאַטע איז געווען גוט און קלוג. פּערל, די רייד פון זיינע ליפּן. און צו דערצו האָט ער געקענט דערציילן מעשהלעך געוועבט פון פאַנטאַזיעס. ער פלעגט מיך נעמען אויף זיין קני און האַלטן מיך מיט זיינע גרויסע צאַרטע הענט און שפּינען פאַנטאַזיעס, פון — אַמאָל איז געווען.

אָרעם זיינען מיר געווען ווי די מייז אין אַ פּוסטן קלויסטער. דער טאַטע איז ניט געווען קיין פּראַקטישער מענטש. ער איז געווען מער אין די הימלען ווי אויף דער ערד. די מאַמע איז געווען אייביק פאַרליבט אין אים, האָט זי געליטן און געשוויגן. זי האָט אַכטונג גע־געבן אויף אים ווי אויף אַ גרויס קינד. אָבער, ברודער, האָבן מיר גע־הונגערט! איך פיל נאָך איצט דאָס נאָגעניש אין מיין בויך.

מיר זיינען געווען אַכט קינדער. מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן טייל פון אונדזער משפּחה אין אַמעריקע. זיי זיינען ביסלעכווייז אַוועק פון דער היים אַהין און דערנאָך האָבן די ברידער געשיקט נאָך מיר. די מאַמע האָט איינגעפּאַקט מיינע פּאָר שמאַטעס, זי האָט ניט גע־וויינט, אָבער איר פּנים איז געווען ווי אַ טויטע מאַסקע. דער טאַטע איז געשטאַנען מיט דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין דער קאַלטער שויב מיט פאַרמאַכטע אויגן.

כ׳וועל דיר ניט דערציילן וועגן מיין רייזע קיין אַמעריקע. מיין בענקעניש און מיינע ליידן. גענוג דיר צו זאָגן אַז איך בין דעמאָלט אַלט געווען דרייצן יאָר און אַז איך בין אָנגעקומען קיין ניו יאָרק אינמיטן ווינטער. עס האָט געשנייט און די גאַסן און טורעמס זיינען געווען פאַנטאַסטיש ווייס. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט. איך בין קיינמאָל אין מיין לעבן ניט אַרויס־געפּאָרן פון די גרענעצן פון מיין שטעטל. און פּלוצלונג האָב איך באַטראָטן די ערד פון אַן אומגלייבלעכער שטאָט. מיליאָנען ליכט, און מיליאָנען מענטשן. אַפילו אויף דער וואָר — אַ באָבע מעשה, וואָס מיין טאַטע האָט מיר דערציילט ביי מיין וויגל, ווען זיינע פינגער האָבן געגלעט מיינע האָר.

אין אַמעריקע דאַרף מען אַרבעטן. איך האָב זיך ניט געקענט אָנוואַרפן אויף די ברידער אַז זיי זאָלן מיך באַזאָרגן. האָב איך שווער געאַרבעט, געטראָגן שווערע פעק. ביינאַכט בין איך געגאַנגען אין שולע. מיר האָבן געוואוינט אויף דער זיבעטער גאַס לעבן דעם איסט ריווער. ווען עס פלעגט מיר ווערן שווער אויפן האַרצן, פלעג איך אַוועקגיין צו אַן אַלטן פאַרלאָזענעם האַפן און שטיל אויסוויינען דאָס האַרץ. איך בין ניט געווען גליקלעך! איך ווייס ניט וואָס ס'האָט מיר געפעלט. איך פלעג אַרומגיין אַ צעוויטיקטער, אַן אומרואיקער, און נעכט ניט שלאָפן.

נו, איך וויל דיר ניט דערציילן קיין לאַנגע געשיכטעס. איין טאָג בין איך אַוועק פון דעם אַלעמען. קיינעם גאָרניט געזאָגט. ווען די פראַכט־שיף האָט דערגרייכט די ברעגן פון מאַרסיי, האָב איך זיי געשריבן אַ בריוו, דערציילט זיי אַז זייער פערצן יאָריקער ברודער איז געוואָרן אַ מאַטראָז, אַז זיי דאַרפן זיך ניט זאָרגן וועגן מיר. און אַז זיי זאָלן וועגן דעם ניט שרייבן צו טאַטע־מאַמע.

אַזוי, ברודערל, איז אַוועק אַ סך יאָרן. פרעמדע לענדער, פרעמדע מענטשן, אָבער מאָדנע — נאָך אַ פּאָר יאָר פון אַרומוואַנדערן ווערן אַלע איינס. איין וועלט אומעטום. די זעלבע ליידן און פריידן, די זעלבע ליבע און האַס, איין גרויסע וועלט. איין הימל, איין גאָט; ניטאָ קיין אונטערשייד וואו דו ביסט. אַלע וועגן זיינען וואונדערלעך. אַלע קינדער זיינען גאָטס קינדער. און דו ווערסט אַ בירגער פון דער וועלט, פון דער גאַנצער וועלט.

פראַנצסיקאָ האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן. פאַר אַ מאָמענט האָט זיך מיר געדאַכט אַז ער האָט זיך אינגאַנצן ניט צוגעהערט צו מיינע רייד. אָבער מיטאַמאָל האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן, אָנגענומען מיין האַנט און שטאַרק געדריקט. איך האָב געזען ווי אַ טרער רינט אַרונטער פון זיין לינקן אויג. זיין רעכטע אויג האָט זיך צעפּראַלט מיט אַ סאַמעטענער ווייכקייט. — דו האָסט געהאַט פיינע טאַטע־מאַמע. — ער האָט אַ גלעט געטאָן מיין האַנט.

— זיינען זיי ביידע טויט? יע! זיי מוזן זיין אין הימל, וואו אַלע גוטע מענטשן זיינען. אפשר פון דאָרטן קוקן זיי אַראָפּ אויף דיר און היטן דיין יעדער טראָט? דאָרטן ווערן אַלע געלייטערט. גאָט פאַרגיט אַלעמען. וואָס, ניט אַזוי?

— איך האָב אויך גוטע טאַטע־מאַמע! — האָט ער אויסגעשריען.

— יע, איך בין זיכער אַז דו האָסט. און אַז זיי וועלן שטאַרבן וועלן זיי גיין אין הימל אַריין. גאָט איז אַ באַרעמהערציקער, פראַנ־ציסקאָ. —

— זיי וועלן ניט גיין אין הימל! זיי וועלן קיינמאָל ניט זיצן לעבן גאָטס טראָן! — די טרערן האָבן אים געשפּאַרט פון די אויגן און געלאָפן איבער זיינע באַקן.

איך האָב געוואַרט אַ שווייגנדיקער. איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער וויל מיר עפּעס דערציילן, נאָר עס איז אים שווער. איך האָב גע־פילט ווי אים אַ גלעט טאָן זיינע פּעכיקע האָר. איך האָב אָבער גע־וואוסט אַז איך טאָר דאָס ניט טאָן.

ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף מיין אַקסל און אויפגעהערט כליפּען. — פאַרגיב מיר, פּריינט, פאַר האַנדלען ווי אַ קינד. איך בין שוין באַלד דרייצן יאָר, שוין באַלד אַ מאַן. —

איך האָב געשוויגן, געוואוסט אַז ער וועט רעדן. און מיינס אַ וואָרט, וואָס עס זאָל ניט זיין, וועט אים ניט העלפן. —

— אַז נאָר זי ברענגט מענער אַהיים...— איך האָב פאַרשטאַ־נען אַז ער מיינט זיין מוטער.

— שעמסט זיך ניט פאַר דער וועלט און פאַר גאָט? און וואָס קען זיין פון דעם? צו וואָס קען דאָס פירן. —

— און דיין טאַטע?...— האָב איך אַ פרעג געטאָן.

אויף אַ מינוט איז געווען אַ פּיינלעכער שווייגן. — דער טאַטע?... דשיזוס זאָל אים פאַרגעבן! ווער ווייס וואו ער איז?...איך געדענק אים קוים. ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד האָט ער פאַרלאָזן דאָס הויז. ער איז געווען אַ ווייסער ווי דו. זייער אַ הויכער, און אַ שיינער. אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין ניכטערן מאָמענט אין זיין לעבן. דאַכט זיך מיר אַז ער האָט געהאַט לאַנגע בלאָנדע האָר און אומעטיקע אויגן. זיכער בין איך ניט. זיין געשטאַלט איז אַזוי פאַר־נעפּלט ווי דאָס וואַסער פון טייך איצט. — ער האָט ניט געקוקט אויף מיר. ער איז געזעסן אין דער זעלבער פּאָזע, געהאַלטן זיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף מיין אַקסל און געשוויגן. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. איך האָב זיך געראַנגלט מיט פינצ־טערע געדאַנקען וועגן דער וועלט און מענטשן. איך האָב זיך מער ניט געקענט איינהאַלטן און מיט מיינע פינגער געגלעט זיינע האָר.

דערנאָך האָב איך גלאַט אַ פרעג געטאָן: וואו געפינסטו זיך? דו ביסט מיט דיין מאַמען? וואָס?

ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ דריי געטאָן און מיר געקוקט אין די אויגן. אַלטע אויגן, וואָס האָבן שוין אַלץ געזען. זיין קינדערש פּנים איז ניט געווען קינדעריש. זיין שטימע האָט אַביסל געגרילצט: — וואָס צום שוואַרץ יאָר איז דער אונטערשייד וואו איך געפין זיך... אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרטן. אַמאָל פאַרבענק איך זיך נאָך דער מאַמען, גיי איך זי זען. שטופּט זי מיר אַריין אַ פּאָר דאָלאַר און איך נעם דאָס! איך ווייס פון וואַנען די געלט קומט! גיי איך, טוט זי מיך ניט אָפּהאַלטן. קושט מיך ניט ווען איך פאַרלאָז. שטייט ביים שוועל און כליפּעט אַז דאָס האַרץ ברעכט. איך קען זי ניט שעלטן, אָדער בענטשן. מיין האַרץ ווערט פאַרטרונקען מיט ווייטיק. שוין וואָכן אַז איך האָב זי ניט געזען. — און דעם טאַטען האָסטו קיינמאָל ניט געזען? —

— ניין, קיינמאָל ניט. ווער ווייסט צי ער לעבט? ווער ווייסט וואו זיין געביין איז פאַרלוירן געוואָרן? —

— אַ פּאַסקודנער לעבן, — האָב איך אַ זאָג געטאָן. — דו ווייסט ניט וואָס דאָס איז אַלץ. אַמאָל ווילסטו שעלטן עמעצן און עס איז ניטאָ וועמען. מיר האָבןביידע געשוויגן. אַ ווינט פון ערגעץ־וואו האָט אָנגעהויבן טרייבן די וואָלקנס ווי אַ סטאַדע ריזיקע פייגל. די כוואַליעס האָבן מיט ווייסן שוים זיך געשטויסן אָן ברעג. מיט אַמאָל איז דער גאַנצער הימל פאַרפינצטערט געוואָרן.

— קום, פראַנציסקאָ! עס וועט באַלד שטורעמען. קום, לאָמיר גיין. —

מיר זיינען אַרויס פון פּאַרק. געגאַנגען צייללאָז, גלאַט אין דער וועלט. אויף ביידע זייטן הויכע געביידעס אין אַ שמאָלער גאַס. דו האָסט געהאַט דאָס געפיל, אַז די הייזער שטיקן דיך. דו האָסט געוואָלט אַנטלויפן, אָבער עס איז ניט געווען אַוואו.

מיין חדר איז געווען אויף דער פערצנטער גאַס, ניט ווייט פון האָדסאָן. אַן אַלט אָפּגעקראָכן הויז מיט קליינע פענצטער. הילצערנע שמאָלע טרעפּ, און קאָרידאָרן מיט שטויב פון אַלטקייט. טירן איינע לעבן דער אַנדערער, טירן פאַרשטומטע, ווי דער טויט וואָלט דאָרטן געלויערט.

אַ חדר קליין און קרעמפּיק. די מעבל פול מיט שטויב. איין פענצטער האָט אַרויסגעקוקט צו אַ שלאַכט־הויז. דער צווייטער פענצ־

טער לאַנג און שמאָל, הויך ביים דאַך. די זון האָט מען קיינמאָל ניט געזען. די מייז אין די ווענט האָבן קיינמאָל ניט גערוט. ביינאַכט האָט מען ניט געקענט שלאָפן פון גרויליקייט.

פראַנציסקאָ איז געזעסן אויף אַ ווייכן שטויביקן שטול. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן פון מידקייט. איך האָב זיך געפּאָרעט ביים קליינעם אויוון, און געגרייט אַן אָוונט־מאָלצייט. אין דרויסן האָט געפּלוכעט אַ רעגן אָן אויפהער. איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז מיר זיינען פאַרזיגלט אין חדר און מיר וועלן שוין בלייבן אַזוי אויף אייביק.

מיר האָבן געגעסן אָן אַפּעטיט. פראַנציסקאָ האָט מיך אָנגע־קוקט. — וואָס האָב איך זיך צוגעטשעפּעט צו דיר?... עס איז ניט שיין פון מיין זייט דאָס צו טאָן. —

— פאַרגעס וועגן דעם, פראַנציסקאָ! עס איז מיר אומעטיק צו זיין אַליין. קענסט שטיין מיט מיר ווי לאַנג דו ווילסט. עס איז דאָ פּלאַץ פאַר דיר; האָב איך אַ זאָג געטאָן.

פראַנציסקאָ האָט אויפגעהערט עסן. פאַר אַ רגע איז ער גע־זעסן פאַרגליווערט און זיך צוגעהערט צום רעגן. — איך בין ניט קיין קינד מער. הער זיך צו, ברודערל, מיר קענען ניט זיין צוזאַ־מען. אונדזערע וועגן זיינען ניט די זעלבע. איך, אַ שוואַרצער באַס־טאַרד, אַ טאַטע אַ שיכור, וואַנדערט ערגעץ אַרום אין גאַסט וועלט און זוכט דעם נעכטיקן טאָג. אפשר האָט ער שוין רו געפונען אונטער אַ באַרג ערד. —

— הער אויף, פראַנציסקאָ, ווער ווייסט וואָס די צייט וועט ברענ־גען?... איך אַרבעט צו ביסלעך ביי די דאָקס. מיר וועלן ניט שטאַרבן פון הונגער. מיר וועלן האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ ווינקל וואו זיך צו באַהאַלטן פון רעגן און קעלט, צו דערצו וועסטו קענען גיין אין שול און ווערן אַ מענטש.

— דו וועסט מיר פאַרגעבן, ברודערל. איך וויל דיין לעבן ניט מאַכן שווערער. איך וויל ניט ווערן קיין לאַסט פאַר דיר. —

— דו פאַרשטייסט ניט, פראַנציסקאָ, איך מוז עמעצן האָבן. עס איז מיר שווער צו לעבן אַזוי. איך בין מיד פון אַרומלויפן און זוכן דעם בלויען פויגל. אויב דו בלייבסט ניט מיט מיר, וועל איך אינגיכן נאָך אַ מאָל זיין אויפן וועג. נאָך אַ מאָל זוכן עפּעס וואָס האָט אַ זין! איך ווייס אַז ס'איז אַזוינס ניטאָ. —

פראַנציסקאָ האָט געהאַט פולע אויגן מיט טרערן. — איך האָב אַ מאַמע, איך וויל גיין צוריק צו איר, אפשר וועט דזשיזוס אונדז העלפן, און אויב עס דאַרף זיין אַזוי, זאָל זיין אַזוי. איך וועל מער פון איר ניט אַנטלויפן, מסתמא וויל אַזוי דזשיזוס. טאָ זאָל זיין אַזוי. —

פראַנציסקאָ האָט ניט געוואָלט ביי מיר איבערשלאָפן די נאַכט. ניט געוואָלט נעמען אַביסל געלט. ער איז געשטאַנען אַ רגע ביי דער טיר און געקוקט אויף מיר. ניט גערעדט קיין וואָרט. פאַרמאַכט די אויגן אויף אַ מינוט. ווען ער האָט זיי געעפנט זיינען טרערן גערונען איבער זיינע באַקן. ער איז שנעל אַרויס פון טיר און אַריין אין טונ־קעלן קאָרידאָר. איך האָב זיך צוגעהערט צו די הילכיקע טריט איבער די הילצערנע שטיגן. דערנאָך די שטילקייט פון אַ קבר.

עס האָט נאָך אַלץ גערעגנט אין דרויסן. איך האָב זיך אַוועק־געלייגט מיט די קליידער אין בעט און פאַרמאַכט די אויגן. איך האָב גאָרניט געטראַכט. וואָס איז דאָ וואָס צו טראַכטן? ווער קען פאַר־שטיין דעם פלאָנטער פון לעבן. פון „זיין און ניט זיין”...ווער קען פאַרשטיין די וועגן, וועלכע פירן אין ערגעץ ניט, אין ערגעץ ניט...

# ערגעץ וואו

הערש ראָזענפעלד קומט אַרונטער פון בערגל, פילט, אַז דער פרימאָרגן איז אַנדערש פון אַלע פרימאָרגנס. אונטן — פעלדער. יעדער גרעזעלע לייכט אין זונענשיין. בהמות פון פאַרשיידענע קאָלירן גריזשען דאָס פרישע גראָז. בערג באַשפּרינקלט מיט ביימער, אַ ווייסער זאַמדיקער וועג שלענגלט זיך אַרונטער. אַלץ דאָס זעלבע, ווי אַלע מאָל. אָבער עפּעס איז געווען אַנדערש. עפּעס פאַרהוילן און פרעמד.

ער קלערט, אַז אַ מענטש איז מער ניט ווי אַ שטויב אויף דער ערד. דער טאָג מיט אַ ליכטיקן באַגינען שטאַרבט מיטן אָנקומען פון דער נאַכט און ווערט פאַרשלונגען אין דער פינצטערניש. געבוירן — געשטאָרבן, גיין און פאַרגיין, עס בלייבט גאָרניט...

ער — הערש ראָזענפעלד — איז אַלע מאָל אַליין, אייביק שטייט אַן אייזערנע מאַכט צווישן אים און מענטשן. ער האָט מורא אַז זיי וועלן אַריינדרינגען אין זיין אומעט, צעשטערן זיין אַליינקייט. ער האָט אַלע מאָל דאָס געפיל, אַז מען קאָן קיינעם ניט געטרויען, אַז מען דאַרף ניט צולאָזן צו נאָענט צו זיך.

אַז דער פרימאָרגן איז אַוועק האָט ער געוואַרט אויפן טאָג. עס איז שוין פאַרנאַכט. לאַנגע שאָטנס פאַרבן די בערג. נאַכטיקע מעלאַנכאָליע שפרייט זיך איבער די פעלדער. מיילן ווייט זעט ער די ערשטע ליכט צאַנקען אין די הייזער. ער הערט די שטימען פון די פאַרמערס. זיי טרייבן די בהמות אין די שטאַלן צום מעלקן. אַ הונט וואָיעט ערגעץ, ווי ער וואָלט באַגלייט דעם טויט.

ערשט נעכטן איז דאָס געווען. עטל איז געווען הויך, אַ פּנים פון בראָנז. אַ ציץ קליידל אָן אַרבעל. אַ שנור פון שוואַרצן זייד אַרום איר טאַליע צו האַלטן די פאַלדן פון קלייד צוזאַמען.

ער איז געווען אַ פּאָר יאָר עלטער פון איר. ער איז געווען הויך און שיין — אַ גרויסן שטערן, מיט אַ קאָפּ פון געקרייזלטע האָר. זיינע ברעמען געדיכטע, שווערע און גרויע, גרויסע אויגן.

איז עטל מיט מזל געוואָרן זיין ווייב. זיך געשראָקן אַביסל פאַר דעם אייביקן פרעמדן מענטשן. נאָר געוויסע רגעות האָט זי זיך גע־

קאָנט אָנוואַרעמען צו אים. זי פלעגט אים שטיפעריש דערמאָנען: „דו ווייסט, הערש, אַז איך בין דיין ווייב! דו דערקאָנסט מיך?״ פלעגט ער עפענען זיינע גרויסע, גרויע אויגן, אַ שמייכל טאָן, אַ גלעט טאָן אירע האָר און דעם נעקסטן מאָמענט איז ער געשטאַנען וויט און פרעמד און זי איז מער ניט געווען.

אַ זון איז געקומען. הערש איז געווען פול מיט צערטלעכקייט. אַ מילדקייט האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. איין מאָל, ווען זי איז געווען מיט דעם קינד אין בעט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני און זי געקושט. זי געדענקט ניט קיין אַנדער מינוט ווען זי האָט אים אַזוי ליב געהאַט! נאָך אַזעלכעס האָט שוין מער ניט פּאַסירט. אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער איז ער צוריק פאַרקראָכן אין זיין נאָרע, נאָכאַמאָל געקוקט אויף זיי מיט פרעמדע, ווייטע אויגן. און אַז ער פלעגט שוין אַמאָל רעדן, פלעגט דאָס זיין וועגן זיך אַליין.

ער האָט מער ניט געהאַט קיין געפיל פאַר צערטלעכקייט. ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל אַלע מאָל וואַרטן אויף אים. זיין גרייט, ווען דער גרויסער מאָמענט קומט. אַלצדינג האָט געמוזט זיין אויסגע־רעכנט ווי אַ מאַטעמאַטישע פּראָבלעם. זי דאַרף אים דריקן צו זיך. זי דאַרף אים קושן און האַלדזן. עס דאַרף זיין אַ תּפילה אויף אירע ליפּן, מוזיק אין איר האַרצן! זי דאַרף ווערן איינס מיט אים און פאַרלוירן ווערן אין זיין באַגער.

און דער טאָג איז געקומען און אַלץ איז געווען פאַריבער. עטל האָט גענומען דאָס קינד און איז אַוועק. הערש איז געווען אויפגע־רעגט און באַליידיקט. ער איז געווען זיכער, אַז אַזאַ מאַן ווי ער וועט זי שוין קיינמאָל ניט האָבן! זאָל זי גיין! זאָל זי! זי וועט קומען צוריק אויף די קני! אָבער, צוריק איז זי ניט געקומען. ער איז געבליבן מיט דעם הויז, אָן אַ ווייב, אָן אַ קינד. אַליין!

זיין קינדערהיים: אַן אַלט פּויליש שטעטל. וועלדער און פעל־דער, אָזערעס און טייכן. דער טאַטע — אַ מילטשיק, זעגט ברעטער, איינער שטייט אויבן, איינער אונטן. מען שלעפּט די זעג אַרויף און אַראָפּ. ער איז אַ זון־פאַרברענטער פון זיין אַלעמאָל אין דרויסן, דערצו, האָנדלט ער אונטער אַביסל.

די מאַמע איז קיינמאָל ניט צופרידן מיט דער וועלט. זי איז אַ קליינינקע, אַ בלאַסער פּנים, דינע פאַרשטייפטע ליפּן. אַן אינטעלי־גענטקע מיט פּרעטענזיעס צו דער וועלט. אומצופרידן מיט גאָט און

מענטשן, זי קוקט אויפן טאַטן ווי איר ניט־גלייכן ביז עס קומט צום בעט. קינדער ווי די ציגן, געבוירן און שטאַרבן! בלייבן אינגאַנצן צוויי — איין ברודער — און דער אונטערשייד צווישן זיי איז ווי טאָג צו נאַכט. קיינער וואָלט ניט געגלויבט, אַז דאָס זיינען קינדער פון איין מאַמען.

דער ברודער יאָסל — נאַר אין פעלד און אין וואַלד. כאַפּן פיש, אָדער אַזוי אַרומהענגען אַרום טייך און קוקן פאַרחלומט צום אַנדערן זייט ברעג. ער האָט ליב געהאַט צערטלען ווילדע בלומען, זיך שפּילן מיט פערד. ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן, איז ער אַוועק פון הויז און איז מער ניט צוריקגעקומען. ביז היינטיקן טאָג ווייס קיינער ניט וואָס איז געוואָרן פון אים. אויב זיינע ביינער זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט.

און הערש ראָזענפעלד איז אַליין. ער ווייס ניט ווי זיך מאַכן היימיש מיט מענטשן. אַליין אין די האָטעל־חדרים — אַליין אין אָפיס. מענטשן קומען און גייען. וואָס מער מענטשן, אַלץ מער איינזאַם איז ער. ניטאָ קיין פאַרבינדונג צווישן אים און איר.

רעדער דרייען זיך. טעלעפאָנען קלינגען. סעקרעטאַרן קומען און גייען. טעלעגראַמעס פון איבער דער וועלט. באַראַטונגען, ביטעס — אויף רעדעס — ביי אַ פאַרלאַנג פון אַ גרויסן אוניווערזיטעט, ער זאָל זיין אַ לעקטאָר אין אַ קלאַס פון געזעלשאַפטלעכער וויסנשאַפט. אַ קייבל — מען בעט אים צו קומען אין איראָפּע וועגן אַ וויכטיקן געשעפט. ער איז אַרומגערינגלט מיט מאַשינען. אַ מאַשין צו רעקאָר־דירן זיין יעדער וואָרט. אַ מאַשין צו פאַרצייכענען זיין יעדן געדאַנק...

און מיט דעם אַלעם, ווייס הערש ראָזענפעלד, אַז עפּעס איז עס ניט דאָס. עפּעס פעלט אין דעם אַלעם, דאָס צו מאַכן אַ לעבעדיקעווירקלעכקייט. אַלץ איז אַ חלום און וועט פאַרגיין. קיין פריינט האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט. איצט האָט ער נאָך ווייניקער. ער גיט אַ ביטערן שמייכל, ווייניקער פון גאָרניט. ער פילט אַ גרויסן באַגער צו אַנטלויפן ערגעץ־וואו, ערגעץ זיך באַגראָבן אונטער דער ערד, אויף אייביק אַנטשלאָפן צו ווערן. אָבער, ער ווייס, אַז אַנטלויפן וועט ער ניט ביז די לעצטע מינוט ווען קומען, אַזוי וועט עס שוין זיין ביז דער ענדע פון זיינע טעג.

דער טאָג איז ווי עס זאָל ניט זיין...די נעכט זיי גייען שרעק־לעכע. ער בלייבט אַליין מיט די שאָטנס. ער בלאָנדזשעט פון חדר

צו חדר. עס הילכן אָפּ זיינע טריט. דאָס האַרץ קלאַפּט אומגעווייגט־לעך הויך. אַלץ אין חדר איז אויסגעקרימט און אויסטערליש. ביכער און קליידער אָנגעוואָרפן אָן אַ טאָלק, אומעטום. יעדער שאָרך קלינגט אָפּ אין די חדרים ווי דאָס קלאַפּן פון פויקן. אייביק אַליין. ער און די נאַכטיקע שאָטנס. ער און דאָס שושקען זיך פון די ווענט. ער און די פינצטערניש.

ווען ער איז נאָך געווען יונג, איז געווען אַ מאָרגן. איצט איז מער קיין מאָרגן ניטאָ. דער קאָרידאָר בלייבט דורכגעגאַנגען. דער צווייפל, וואָס וועט ער אויף דער אַנדערער זייט געפינען, עסט אויף זיין האַרץ. וועט עס זיין אַן אייביקע פוסטקייט, אַן אייביקע קאַלטע נאַכט? וועט ער זיין צוריק אין אַ מאַמעס בויך? צום אָנפאַנג פון אַלע אָנפאַנגען?

ער איז אַליין אין חדר. עס איז ווינטיק און קיל אין דרויסן. ער הערט יעדן שאָרך פון וואַנען עס זאָל ניט קומען. אָבער העכער פון אַלץ הערט ער דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ. ער טראַכט, אַז ער האָט ניט געדאַרפט פאַרלאָזן די שטאָט און קומען אַהער. דאָרטן זיינען פאָרט דאָ מענטשן. אַ געשריי וואָלט עמעצן אַריינגעבראַכט. דאָ איז ער מיילן ווייט — און אַליין.

אַ גרויסע שרעק קלאַפּט אין די פענצטער. פון די בערג ציען זיך לאַנגע שאָטנס. עס זשומען מיליאָנען אינזעקטן. אים דוכט זיך, אַז ער הערט ריזיקע פוסטריט שפּאַנען צום הויז. די טריט הילכן אָפּ אין דער נאַכט. ער ווייס ניט צי די טירן זיינען פאַרשלאָסן. ער וויל זיך אויפהויבן פון שטול און קאָן ניט. די גלידער פאָלגן ניט. אַ קאָלטער שווייס באַגיסט אים, רינט איבער זיינע באַקן, ער קאָן ניט אויפהויבן די הענט אים אָפּצוואווישן.

נאָר די אויגן וואַנדערן אַרום מיט נאָגעניש זוכנדיק הילף. ער זעט אַ הימל אָנגעפילט מיט שטערן. ער זעט מיליאָנען וועלטן אומע־טום. ער פּרובירט זיך דערמאָנען עפּעס, ער קאָן ניט. אַלץ איז פאַר־ווישט געוואָרן, קיין זאַך ניט געבליבן.

עס דונערט דאָס האַרץ... העכער און העכער. די ריזיקע טריט דערנענטערן זיך. אָבער זען זעט ער גאָרניט. די אויגן אָפּן קוקן פאַר־גאַפּט. ניטאָ מער... גאָרניט. ניט קיין הימל, ניט קיין ערד. נאָר ווי אַ ריזיקע האַנט וואָלט אים אַ וואָרף געטאָן אין רוים, פליט ער ווי אַ בליק צו דעם לאַנד פון ערגעץ־וואו.

# אָוונט אין פעלד

בידערמאַן האָט אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס, אַ שמייכל געטאָן מיט זיין לעדער־פאַרברוינטן פּנים, און אַ זאָג געטאָן:

„מיר וועלן זען מאָרגן וואָס צו טאָן מיט דיר. אויב דו ביסט הונגעריק, וועל איך דיר ברענגען עפּעס עסן, אויב ניט, קאָנסטו פאַרנעמען די קאַבינע צען. עס איז ריין און האָט אַ גוטע בעט. קאָנסט האָבן אַ גוטע נאַכט־רו".

וויקטאָר האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער איז ניט הונגעריק. מיד איז ער יאָ. עס איז געווען אַ לאַנגער וועג. די היץ און דער שטויב האָט אים געמאַכט דאָרשטיק. אַביסל וואַסער זיך אָנצנטרינקען און זיך אַרומוואַשן — דאָס אַלץ וואָס ער דאַרף.

„עס איז דאָ וואַסער אין דער קאַבינע. קוואַל־וואַסער וואָס שטראָמט פון דער טיפעניש פון דער ערד. דו וועסט זיך מחיה זיין, בחור". אַזוי האָט בידערמאַן אַ זאָג געטאָן מיט שטאָלץ. פאַרן אַוועקגיין האָט ער צוגעגעבן פאַרטראַכט:

„דו ביסט אַ היפשער יונג. אויב דו וועסט זיין וויליק שווער צו אַרבעטן וועסטו האָבן אַ גוטע היים. עס ווענדט זיך אָן דיר. ווי דו וועסט זיך אויסבעטן, אַזוי וועסטו שלאָפן. נאָר גיי רו זיך אָפּ. מאָרגן וועט זיין גענוג צו רעדן וועגן דעם".

וויקטאָר האָט ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. די פענצטער זיינען געווען אָפן און ער האָט געזען אַ שטערנדיקן הימל. ניט באַאַרבעטע פעלדער באַוואָקסן מיט ווילדן גראָז און פעלד־בלומען האָבן זיך געצויגן ביז אַלץ איז פאַרלוירן געוואָרן אין דער נאַכט. אַ בהמה האָט מוראדיק מערוקעט. ער איז געווען זיכער, אַז זי קעלבט זיך. די ביימער זיינען געווען באַלויכטן מיט אַזאַ העלקייט, אַז מען האָט געקאָנט זען דעם צוויט פון די עפּל־ביימער. ביים ענדע פעלד איז געווען אַ יונגער וואַלד, טונקל און שאָטנדיק.

אינדערפרי האָט וויקטאָר געעפנט די אויגן, אַרונטער פון בעט און אַרויסגעקוקט פון פענצטער. דאָס הויפט־הויז איז געווען באַלויכטן. פון קוימען האָט זיך געשלענגלט אַ רויך. אַ בהמה האָט געגריזשעט דאָס גראָז. מיט יעדער באַוועגונג האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון אַ גלעקל אויף איר האַלדז. זי איז געווען שווער, דער בויך צעשפּאַרט, און די ווייסע פלעקן אויף איר שוואַרצער פעל האָבן געשיינט מיט דער פייכטקייט פון דעם פרימאָרגן טוי. די שטאַלן וואו בידערמאַן האָט געהאַלטן די פערד און די בהמות האָבן זיך אַרויסגעשיילט פון טומאַן, און פון די קליינע פענצטערלעך האָט אַרויסגעבלישטשעט עלעקטריש ליכט. אַ סטאַדע פייגל האָבן זיך באַוויזן אין דעם האָריזאָנט און פאַרשוואונדן הינטער די בערג.

זיי זיינען געזעסן אַרום אַ גרויסן טיש און געגעסן אָנבייסן. וויקטאָר האָט דאָס ערשטע מאָל געזען דזשעניע בידערמאַן. זי איז געווען הויך ווי אַ סאָסנע, יינגער פון אים. אירע האָר — פעך־שוואַרץ פאַרדרייט פון הינטן מיט צעפּ. זי האָט געמוזט זיין אין די פערציקער. דאָס ציצן־קלייד איז געווען גוט צוגעפּאַסט צו איר קערפּער. איר זון־פאַרברענטער פּנים האָט געלויכטן מיט מיידלשקייט. די אַנדערע אַרום טיש זיינען געווען דזשאָן מיט זיין ווייב. ער איז געווען הויך מיט ברייטע פּלייצעס און ברוינע האָר. זיינע אויגן האָבן ניט געהאַט קיין שום אויסדרוק, ווי ער וואָלט געווען טויט. מאַלינדע, דאָס ווייב, האָט געהאַט אויגן ווי אַ סאָווע. אירע ברוינע האָר זיינען געווען פאַר־פלאָכטן אין אַ קופּל אויפן שפּיץ קאָפּ. דאָס פּנים האָט אַלע מאָל גע־שמייכלט, איר קערפּער האָט זיך באַוועגט, גערופן און גערירט.

בידערמאַן האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף וויקטאָרס אַקסל:

„היינט איז פרייטיק. רו זיך אָפּ ביז מאָנטיק. קיין סך אַרבעט איז סיי ווי סיי ניטאָ. אָבער זאָרג זיך ניט. עס וועט זיין גענוג פאַר דיר. דערווייל גיי און באַקען זיך מיטן פּלאַץ. עס איז אַ סך צו זען. אָבער זיי פּאָרזיכטיק און טו אָן אַ פּאָר הויכע שטיוול. עס זיינען דאָ אין די הויכע גראָזן גיפטיקע שלאַנגען. נעם מיט אַ שטעקן. איך וואָלט געגאַנגען מיט דיר, אָבער איך דאַרף זיין אין ליווינגסטאָן זען אַ פּאָר מענטשן וועגן געשעפט".

דזשעניע האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מאַן מיט אירע ליכטיקע אויגן און אַ זאָג געטאָן:

„קען זיין אַז עטל וועט קומען פאַרפרי, וועט זי אים אַרומפירן

און באַווייזן דאָס פּלאַץ. זי קאָן נעמען דעם דזשיפּ און פאָרן צום וואַסער־פאַל".

ווען וויקטאָר האָט איר אָנגעקוקט פרעגנדיק, האָט זי פאַרענדיקט:

„עטל איז אונדזער איינציק קינד. אַ גאַנצע וואָך איז זי ניטאָ. גייט אין אוניווערזיטעט. אָבער זי האָט זומער וואַקאַציע און וועט זיין מיט אונדז אַ היפּשע צייט".

וויקטאָר איז אַרויס אין דרויסן און אַרומגעוואַנדערט גלאַט אַזוי. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אָפּגעהאַקטן בוים און זיך געוואָרעמט אין דער מילדער זון. דאָס הויז, אַ ווייס־געפאַרבטע מיט אַ גרינעם דאַך, האָט זיך געבאָדן אין זונשיין. אונטן, אין אַ טאָל, אַ טשערעדע בהמות גריזשען דאָס גראָז. אַנדערע זיינען געלעגן אויפן פעלד און זיך געזוניקט, געטריבן די פליגן פון זיך מיט די ווידלען. אַ געפיל פון פרידן האָט אים אַרומגעכאַפּט און פאַר אַ מאָמענט האָט ער פאַרגעסן וואו ער איז.

ער איז צוגעגאַנגען צו די פערד וואָס האָבן זיך געפּאַשעט ניט ווייט פון הויז. איינער פון זיי — אַ שוואַרצער מיט אַ גלאַנציקער פעל און אַ ווייסע ליסענע אויפן קאָפּ. ער האָט אים אַ גלעט געטאָן דעם בויך און דערפילט נאָענטקייט צו דער וועלט און גאָט.

פרייטיק שפּעט איז די טאָכטער געקומען אַהיים. ער האָט זי ניט געזען ביז פרייטיק נאַכט נאָך ליכט בענטשן. דזשעניע מיט אַ זיידן טיכל אויפן קאָפּ, אויסגעפּוצט שבתדיק, האָט אָנגעצונדן די ליכט, פאַרדעקט מיט בײדע הענט די אויגן און שטיל געבענטשט. בידערמאַן האָט געקוקט אויף איר און שטאָלץ געשמייכלט. די טאָכטער איז געשטאַנען לעבן טיש ווי אַ סטאַטוע, און וויקטאָר האָט זי אָנגעקוקט און ניט געקאָנט באַשליסן וואָס טראַכטן וועגן איר.

ביים מאָלצייט האָט ער זי געקאָנט בעסער באַטראַכטן. ער האָט באַשלאָסן, אַז זי איז זייער אַ שיינע. אַ לענגלעך און אָפּגעברענט פּנים און שוואַרצע אויגן, וועלכע האָבן העל געלויכטן, קורץ־גע־שוירענע האָר און אַ קליין געוויקסיקע. שטאָלץ און אין די צוואַנצי־קער. וויקטאָר האָט געטראַכט, אַז זי וועט זיין אַ גוטע ווייב. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, אַ שמייכל געטאָן ווען דער טאַטע האָט אים פאָרגעשטעלט. דערנאָך האָט זי אים פאַרגעסן.

שבת נאָך אָנבייסן האָט ער אַרומגעוואַנדערט אין די פעלדער, זיך ניט געקאָנט שיידן מיט דעם וועלדל, מיט די בערעזאָווע ביימער.

ער האָט געקוקט צו די בערג, זיך צוגעהערט צום וואַסערפאַל, זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז און האַלב פאַרמאַכט די אויגן. עס איז גע־ווען גוט צו דרימלען אין דער פרימאָרגן זון. מיט אַמאָל האָט ער דערהערט אַ שטימע, ער האָט באַלד געוואוסט אַז עס איז מאַלינדע, דזשאַנס ווייב.

„היי, בחור, דיר איז גוט. דו שלעפסט זיך אַרום אין די זומפּן ווי אַ פויגל. דו וועסט פאַרזונקען ווערן און מען וועט דיינע פּיס אַפילו ניט געפינען. קום, לאָמיר גיין מיט דיר און איך וועל דיר ווייזן מער ווי די נאַקעטע ערד". זי האָט זיך צעלאַכט.

זי האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט ווי אַ קינד. וויקטאָר איז מיטגעגאַנגען און געטראַכט:

„דאָס איז אַ פרוי!... ניט ווי די איידעלע געפּאַטשקעטע פרויען וואָס מען דאַרף וואַשן די הענט איידער מען רירט זיך אָן אָן זיי"...

מאַלינדע האָט געשמעקט מיט ערד און זון. זיי האָבן שפּאַצירט אין אַ פעלד פון ווילדע בלומען.

מאַלינדע האָט זיך אַרונטערגעלאָזן אויף דער ערד און אים אַרונ־טערגעשלעפּט מיט זיך.

„שרעק זיך ניט, וויקטאָר, דזשאָן איז אין ליווינגסטאָן. ער וועט ניט קומען צוריק פאַר אַ פּאָר שעה".

זי האָט אים אַריינגענומען אין אירע אָרעמס און צוגעדריקט איר מויל צו זיינעם. ער האָט דערפילט אַ פריידיקע דערהויבנקייט, ווי די ערד וואָלט אים אַריינגענומען אין איר בוזעם און פאַרשלונגען.

צוריק איז ער געגאַנגען אַליין. ער האָט געפילט מיד און ליי־דיק. ער האָט געזען ווי אַן אָדלער פליט צו די בערג. אָבער, באַלד איז דער אָדלער פאַרלוירן געוואָרן הינטער די בערג. ער האָט געזען ווי די וואָלקנס פאַרמירן זיך און ווערן שוואַרצער, געדיכטער און די העלע בלויקייט פאַרשווינדט. ער האָט דערוואַרט, אַז עס זאָל באַלד רעגענען, אָבער זיך ניט געאײַלט. זאָל זיין וואָס עס וויל.

דעם קומענדיקן פרימאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען פרי, אַרויס אין דרויסן און זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז און מיט די הענט פאַר־שטעלט די אויגן. דורך די שפּאַרונעס פון די פינגער האָט ער געזען די גאָלדענע פעדעם פון דער זון; געזען דעם הימל און ס'זיינען גע־ווען אויסגעוואַשענע אין דורכזיכטיקע וואָלקנס. ער האָט ניט גע־

וואָלט טראַכטן וועגן נעכטן, געוואָלט אַנדרימלט ווערן און אין אַלץ פאַרגעסן.

אינסטינקטיוו האָט ער געפילט ווי עמעצער שטייט און קוקט אויף אים. ער האָט געעפנט די אויגן און געזען עטלען, און האָט שולדיק אַ שמייכל געטאָן.

„די מאַמע האָט דיר געשיקט עפּעס עסן. אָבער די הויפּטזאַך וואָס איך וויל איז, אַז דו זאָלט מיך אָנקוקן. אויב איך געפעל דיר, וועסטו מיט מיר חתונה האָבן, אַזוי לאַנג ווי דו ביסט אַ יידישער בחור. וואָס מער דאַרפסטו זיין ?"

ער האָט זי אָנגעקוקט און געשוויגן און גענומען דאָס עסן. אַ ביס־געטאָן און שטיל אַ זאָג געטאָן :

„זעץ זיך אַוועק, עטל, לעבן מיר. גלויב מיר וואָס איך זאָג דיר — ביסט אַ שיין מיידל. חתונה האָבן מיט דיר וואָלט איך געוויס גע־וואָלט ! אָבער, דו וואָלסט געוועזן משוגע דאָס צו טאָן. איך בין עס גאָר ניט ווערט. אַ ווינט אין פעלד, אַ שוועבנדיקער וואָלקן, כוואַליעס וואָס רייסן זיך צום ברעג. דאָס אַלץ איז אַ טייל פון מיר".

זי האָט אַרונטערגעלאָזן די קאָפּ, מיט דער רעכטער האַנט זיך געשפּילט מיט די ווילדע בלומען.

„דו ביסט אַ מאָדנער מענטש. איך וועל זאָגן דער מאַמען ניט אויפצוגעבן די האָפענונג".

זי האָט זיך שנעל אויפגעהויבן און איז אַוועק.

ער איז די נאַכט געשלאָפן אומרואיק, געהאַט ווילדע חלומות. עס איז ניט געווען קיין פרידן אין זיין האַרצן. ער איז שוין צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט און וואָס האָט ער געמאַכט פון זיין לעבן ? קען זיך ניט געפינען קיין אָרט אויף דער ערד. ער איז איינער אַליין אויף דער וועלט. טאַטע־מאַמע געשטאָרבן ווען ער איז ניין יאָר אַלט געוון. געווען דאָס איינציקע קינד און דערנאָך אַ קשאָמאַר פון טעג און יאָרן. און איצט — וואָס וויל ער פון לעבן ? . . .

ער — אייביקער רעטעניש ! זיין לויפן איז זוכן דעם נעכטיקן טאָג. זיין בענקען נאָך גאָט. וואָרום קומט ניט קיין שלאָף ? וואָרום מוז ער אייביק טראַכטן, טראַכטן. וואָרום קען ער ניט לעבן ווי אַנ־דערע מענטשן ? וואָרום קען ער ניט געפינען קיין פרידן אין זיין האַרצן ?

ער איז געזעסן אין דרויסן לעבן זיין קאַבינע און געקוקט ווי

די זון גייט אַרויף. דאָס גאַנצע פעלד, ווי ווייט דאָס אויג האָט געקענט דערגרייכן, האָט געשימערירט מיט אַ רעגן פון זונשיין. די נאַכט־שטילקייט איז פרשוואונדן. דאָס זשומען פון די אינזעקטן האָט באַ־גריסט דעם פרימאָרגן. די בהמות האָבן געמעקעט. די הענער האָבן געקרייט. די בערג האָבן זיך אויסגעשיילט פון דער פינצטערניש און באַגריסט די ערד.

אין הויז זיינען שוין אַלע געווען פאַרזאַמלט. מען איז שוין גע־זעסן אַרום דעם טיש און געגעסן אָנבייסן. אַלע זיינען געווען שווייגנ־דיקע. ער איז געווען צופרידן, אַז דער אָנבייסן איז פאַריבער און ער איז אַרויס אין פעלד. ער איז געגאַנגען צו איינער פון די גרויסע געביידעס וואו די מאַשינען זיינען געווען. ער האָט אַלץ איבערגע־קוקט. עס איז געווען דער ברען פון סעזאָן. דזשאָן און נאָך עטלעכע געדונגענע אַרבעטער זיינען באַלד אַריינגעקומען, אַרויסגענומען איין מאַשין נאָך דער אַנדערער. וויקטאָר האָט שוין געאַרבעט אויף זיי עטלעכע טעג. די לעצטע איז געווען די שנייד־מאַשין. ער האָט עס אַרויסגעפירט אויף דער זוניקער צעוואַרעמטער ערד און האָט אָנגעהויבן שניידן דאָס קאָרן. ער האָט זיך דערפילט אַזוי פריידיק ווי די זון וואָלט זיך באַהאַלטן אין זיין האַרצן.

בידערמאַן איז צוגעגאַנגען צו אים:

„פאָר מיט דזשאָן אין שטעטל. איך קאָן אים מער ניט געטרויען. ער טריקט ווי אַ חזיר. ער ווייס מער ניט וואָס ער טוט".

דערנאָך האָט ער מיט בייזקייט אַ זאָג געטאָן:

„וואָס דאַרף איך דאָס אַלץ? געקאָנט זיין אין ניו יאָרק און האָבן אַ הויז צווישן יידן. אַ וויסטיק לעבן דאָ. איך ווער דאָ פאַרפרעמדט פון אַלעמען. צו וואָס דאַרף איך דאָס, צו וואָס?"

זיי זיינען געפאָרן פאַמעלעך איבער אַ זאַמדיקן וועג ביז זיי האָבן דערגרייכט דעם געפלאַסטערטן וועג וואָס האָט געפירט צו ליווינג־סטאָן. דזשאָן האָט געדרימלט. וויקטאָר האָט געטריבן דעם טראָק מיט דער מילך און געקוקט אויףביידע זייטן וועג. די זון האָט געשיינט און די הייזער האָבן זיך געזוניקט. דאָ און דאָרט האָבן פאַרמערס זיי באַגריסט און דאָס זשומען פון די פליגן האָט זיי באַגלייט דעם גאַנצן וועג.

ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער אָנגעהויבן אַרונטערנעמען דאָס קאָרן פון די פעלדער. די זון האָט געבאַקן ווי אַ קאַלך־אויוון.

בידערמאַן איז געווען זיכער, אַז עס וועט רעגענען. מאַלינדע האָט אים אַרויסגעבראַכט עסן אין פעלד, געבראַכט קאַלטע מילך און וואַסער זיך אַרומצוואַשן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער ענדע פעלד אונטער אַ גרויסן בוים. פאַר אַ מאָמענט איז זי געשטאַנען און געקוקט אויף די בערג. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, באַגראָבן איר פנים אין די הענט און זיך ביטער צעוויינט.

ווען זי איז אַוועק און ער איז צוריק אַרויף אויף דער מאַשין און אָנגעהויבן שניידן דאָס קאָרן, האָט ער געהערט דעם ריטמישן טאָן פון די שנייד־מעסערס, אָבער זיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט מאַלינדען. ער האָט געטראַכט: ווי מאָדנע זי האָט זיך פאַרמישט אין זיין לעבן. געטראַכט מיט וואָס דאָס אַלץ וועט זיך אויסלאָזן? ער האָט געוואוסט, אַז זי וועט נאָכאַמאָל קומען צו זיין קאַבינע! און וואָס וועט זיין פון דעם? מיט וואָס וועט זיך דאָס אַלץ ענדיקן?

זיי זיינען אַלע געזעסן אויף דעם באַלקאָן, צו מיד צו רעדן. עס איז געווען אַ שווערער טאָג אַרבעט. עס איז געווען הייס און דומפּיק. שווערע שוואַרצע וואָלקנס האָבן פאַרדעקט דעם הימל. אַ גרוילעכע שוואַרצקייט איז געקראָכן איבער די פעלדער. די הינט האָבן מוראַדיק געבילן. די בהמות האָבן געמעקעט. די אינזעקטן זיינען מיטאַמאָל פאַרשטומט געוואָרן. בידערמאַן האָט געערעדט און זיך געערגערט:

„אַלע פערד און בהמות זיינען אין די שטאַלן. נאָר לילי, וועלכע דאַרף זיך אָפּקעלבלען די קומענדיקע פּאָר טעג, איז ערגעץ פאַרשוואונדן. גאָט זאָל העלפן זי זאָל ניט פאַרקריכן ערגעץ אין די זומפּן. איצט קענען מיר גאָרניט טאָן. מען וועט מוזן וואַרטן ביז פרימאָרגן און זי אָפּזוכן".

ער האָט אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די אויגן ווי ער וואָלט געוואָלט אַרונטערשאַרן שפּינוועבס און פאָרגעזעצט:

„עס האָט שוין אַמאָל אַזאַ זאַך פּאַסירט. אַ יונג קעלבל איז פאַרקראָכן אין די זומפּן. ווען מיר האָבן עס געפונען איז עס שוין געווען איינגעזונקען ביזן האַלדז. מען האָט נאָר געקאָנט זען די אויגן פול מיט צער. מען האָט גאָרניט געקאָנט טאָן. אין אַ סעקונדע איז אַלץ געווען פאָריבער. דער נאַסער בויך פון דער ערד האָט איר פאַרשלונגען. חדשים־לאַנג האָב איך געהאַט שרעקלעכע חלומות. גאָט זאָל מיר העלפן, אַז איך זאָל דאָס מער קיינמאָל ניט זען".

דער רעגן האָט אָנגעהויבן פאַלן איידער וויקטאָר האָט דער־

גרייכט זיין קאַבינע. ער איז געבליבן שטיין אין דרויסן און די שווע־רע טראָפּנס זיינען געפאַלן אויף אים ווי אַן איילנדיקער שטראָם. די דונערן האָבן געטרייסלט די ערד. די בליצן האָבן ווי פייערדיקע שפּינוועבס באַלויכטן דעם הימל. וויקטאָר האָט געפילט אַ שטייגנדיקע פרייד! ער האָט זיך געפילט ווי אַ טייל פון דער נאַטור. דער בליץ איז ער! דאָס מעכטיקע קול פון דונער איז זיין קול. ער האָט געפילט ווי אַ טייל פון גאָט. ווען ער איז אַריין אין דער קאַבינע און אַרונטער־געוואָרפן די נאַסע קליידער פון זיך איז ער געבליבן שטיין נאַקעטער־הייט אין דער פינצטער. ער איז געלעגן אין בעט און ניט געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן, נאָר דאָס ריטמישע רעגענען אויפן דאַך האָט אים פאַרשלעפערט. אָבער דער שלאָף איז געווען פול מיט קינדערשע חלומות.

דעם קומענדיקן פרימאָרגן האָט וויקטאָר ניט געקאָנט אַרויס פון בעט. דער קערפּער איז געווען שווער און בלייאיק. זיינע אויגן האָבן געברענט מיט פיבער. ווען דזשאָן איז געקומען אויסגעפונען וואַרום ער איז ניטאָ צו דער אַרבעט, האָט ער גלייך גערופן בידערמאַנען. דער דאָקטאָר איז געקומען איז וויקטאָר שוין געווען האַלב באַוואוסט־לאָז. ווען ער האָט געעפנט די אויגן אין אַ פּאָר טעג אַרום, איז ער געווען אין אַ פרעמדער בעט אין דער גרויסער הויז. דזשעניע בידער־מאַן איז געשטאַנען לעבן זיין בעט און געקוקט אויף אים.

„גאָט איז באַרעמהערציק", האָט זי געשעפּטשעט. איר מאַמע־שער שמייכל האָט געבראַכט טרערן אין זיינע אויגן.

„זאָלסט מער ניט וויסן פון קיין שלעכטס, קינד מיינס! דו זאָלסט מער ניט האָבן קיין צרות אין דיין לעבן!"

זיינע אויגן זיינען נאָך געווען ווי מיט אַ הייטל באַצויגן. ער האָט געטראַכט, אַז ער איז מזלדיק. דזשעניע האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין קאָפּ. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַמאָל איז געווען אַ חלום — אַ וויגעלע וואָס איז געהאַנגען פון דער סטעליע. אַ מאַמע, וועלכע איז געשטאַנען איבער אים און אים געוויגט. אַמעריקע — אַ גרויסע שטאָט — ווינט אין זיין בלוט און אַן אייביקער לויפן.

דאָס פרימאָרגן ליכט האָט אַריינגערעגנט אין צימער. וויקטאָר האָט געעפנט די אויגן און דערזען, אַז עטל זיצט ביי זיין בעט. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי איז עלטער געוואָרן. איר פּנים און די

אויגן פאַרטראַכטע. זי האָט געקוקט אויף אים און געשמייכלט. ער האָט גענומען איר האַנט און זי געצערטלט.

„אַ דאַנק דיר, עטל, פאַר אַלץ וואָס דו האָסט געטאָן פאַר מיר. נאָך אַלעמען בין איך דאָך אַ פרעמדער, געקומען פון ערגעץ ניט, פאַרמאָג גאָרניט!"

„נו, דו קאָנסט מאַכן דיין היים מיט אונדז אויף אַזוי לאַנג ווי דו ווילסט. ווער קאָן פאַרשטיין וואוהין די וועגן פירן? צי עס וועט זיין די ענדע אָדער דער אָנהייב. אַ שטיין קייקלט זיך באַרג אַרונטער, אָבער ערגעץ מוז ער בלייבן שטיין..."

וויקטאָר האָט צוגעלייגט איר האַנט צו זיין פּנים. ער האָט שטיל אַ זאָג געטאָן:

„קיינער ווייס ניט די גרויסע שפּיל פון מענטשלעכן לעבן. מיר זיינען ווי פערד מיט פאַרבונדענע אויגן, וואָס דרייען אַ ראָד. פאַר אונדז איז אַלץ באַשטימט. מיר גלויבן, אַז מיר ווייסן, אָבער מיר ווייסן גאָרניט און אויף אַלץ איז דאָ אַן אורזאַך, אַ באַשטימטקייט; רוף עס גאָט, אָדער אַ גרויס באַוואוסטזיניקייט. וואָס עס זאָל ניט זיין, זיינען מיר אַ טייל פון אַ גרויסן חלום!"

„איך און דו זיינען די באַרעכטיקונג פון לעבן. מיר זיינען גע־בוירן געוואָרן פאַר אַן אורזאַך!" זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

קאָן זיין ווי מיין מאַמע זאָגט: „אַז אַלץ איז אַזוי באַשערט. אַז דיין וואַנדערן און זוכן איז געווען דערפאַר ווייל דו און איך האָבן זיך געדאַרפט באַגעגענען".

וויקטאָר האָט זיך צעלאַכט:

„איך און דו, און דאָס ראָד פון לעבן וועט זיך דרייען. מיר וועלן זיך אָנשפּאַרן איינער אין דעם אַנדערן. מיר וועלן גיין צוזאַמען אַוואו דער וועג זאָל ניט פירן.

זי האָט געהאָלפן וויקטאָרן אַרונטערגיין פון בעט. אים געהאָלפן אונטערן אָרעם און זיי האָבן דערגרייכט די אָפענע טיר. ער איז גע־שטאַנען פאַרגאַפט ווען ער האָט געזען די זון פאַרגיין. די בערג זיינען שוין געווען אין שאָטנס פאַרהוילט. ביי דעם האָריזאָנט האָבן געצאַנקט די לעצטע פלאַמען. איבער די בלויע וואָלקנס האָט מען שוין געזען די שטערן. עס איז געווען אַ פּאַנאָראַמע וועלכע האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט געטראַכט: ווי נישטיק דער מענטש איז אין פאַר־גלייך מיט דער נאַטור. און זי, עטל, האָט שטיף געהאַלטן זיין אָרעם,

ניט געקוקט צום דרויסן, נאָר אויף זיין בלייכן, אויסגעצערטן פּנים און אַ שרעק האָט געגריזשעט איר האַרץ.

וואָס עטל האָט געזען אין וויקטאָרס אויגן האָט איר דערשראָקן. ווייטקייט און בענקעניש; אומרואיקייט און ווייטיק. זי האָט זיך געוואונדערט ווי לאַנג זי וועט אים קענען האַלטן מיט זיך? זי האָט אָבער געוואוסט, אַז אַזוי מוז זיין, אַז אויב זי פאַרלירט אים איצט וועט ער קיינמאָל ניט אויפהערן פליען.

זיי זיינען געשטאַנען ביים טיר ביז דער אָוונט האָט אַרונטערגענידערט. דאָס שטערן־ליכט האָט באַלויכטן די סטעפּעס. דאָס זשומען פון די אינזעקטן האָט זיך פאַרשטאַרקט. דער גערוך פון פרישגעשניטענעם היי האָט אָנגעפילט די לופט, ביז די נאַכט איז אָנגעקומען און פאַרהוילן די ערד.

# ערגעץ אַ ווינקל

מיר זיינען געקומען פון דעם זעלבן שטעטל אין פּאַליעסע. אַ שטעטל גרויס ווי אַ גענעץ. נאָר ווי אומעטום, זיינען דאָרט געווען רייכע און אָרעמע, הונגעריקע און זאַטע, גלאַט אַזוי מענטשן און אַריסטאָקראַטן.

מיין משפחה האָט געדאַנקט גאָט אַז זיי האָבן ברויט אָדער בולבעס. קינדער זיינען מיר געווען ווי אַרבעס. דער טאַטע — אַ ריז אַ ייד. די מאַמע האָט געבליט ווי אַ בלום. רויטע קאָלירטע באַקן, שוואַרצע פינקלדיקע אויגן, אַ פריילעכע, אַ זינגנדיקע ווי אַ שיקסע.

די דיימאָנד פאַמיליע איז געווען פונקט דער היפוך. די דיימאָנדס זיינען געווען דאָס אויבערשטע פון שטייסל. רייך, אַז מען האָט זייער געלט ניט געקענט איבערציילן. דריי קינדער, צוויי יינגלעך און איין מיידל. זיי זיינען אַלע געגאַנגען אין דער שקאָלע, און ווען זיי זיינען אונטערגעוואָקסן איז מען אַוועק אין די הויכשולן. זיי זיינען געווען העכער פון די דעכער! געהויבענע מענטשן. אַריסטאָקראַטן ביז די שפּיץ־פינגער.

אונדזער הויז איז געווען ווי אַ הויקער. אַ דערוואַקסענער מענטש האָט געקאָנט אַרויפשפּייען אויף דעם שטרויענעם דאַך. די פּאָדלאָגע פון ליים. אַ גרויסע הרובע געהייצט אין ווינטער מיט שטרוי. דריי חדרים מיט זעקס קינדער. מען איז געפּאַלן איינער איבער דעם אַנ־דערן. מען האָט נאָר געהערט געשרייען און געוויינען! טומל, גע־לעכטער. מיר זיינען געוואַקסן ווי דעמבעס. שטאַרק און פלינק ווי הירשן.

די דיימאָנדס זיינען געווען אויסגעדאַרטע. הויך ווי די דראָנגעס. פאַרשפּיצטע קעפּ, און האָר ווי שטרוי. אַלע מאָל געווען פאַרפּוצט אין זייד. ווייסע, אָנגעקראָכמאַליעטע העמדער, ריין און ציכטיק ווי

זיי וואָלטן געווען אין וואַסער. הענעלע איז געווען אַ פאַרביסענע, אַ שווייגנדיקע. האָט זי יאָ געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, איז דאָס געווען ווי אַ פּאָר געקליבענע אַרבעס. זי איז געווען באַהאַנגען מיט צירונג ווי אַ הייליקע מאַטקע, האָט געהאַט די טבע פון קוקן אַרויף צום הימל. דו האָסט קיין מאָל ניט געוואוסט צי דו רעדסט צו אַן אייגענעם אָדער צו אַ ווילד פרעמדן.

אָט דאָס זיינען געווען אונדזער משפחה און די פאַמיליע דיימאָנד. צוויי וועלטן האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט און זיך ניט געקענט אָפּטשעפּן איינער פון די אַנדערע.

די מאַמע איז געווען פאַרליבט אין הענעלען. וואָס האָט זיי צוזאַמענגעהאַלטן? גאָט ווייס. די מאַמע איז דאָרטן געווען ביי יעדער געלעגנהייט. איז עמעצער געווען קראַנק פלעגט הענעלע רופן די מאַמע. זי האָט געהאָלפן אויסהאָדעווען זייערע קינדער. האָט געוויינט מיט איר, און געלאַכט מיט איר.

ווען הענעלע פלעגט זיך אַ קרים טאָן איז שוין די מאַמע געווען דאָרטן. וואַשן זי, גלעטן אירע האָר, טראָגן אויף די הענט ווי אַ קינד. אַזוי איז שוין באַשערט געווען. אין אַ שיינעם זומער־טאָג איז הענעלע אויסגעגאַנגען ביי דער מאַמען אויף די הענט. דעם לעצטן אָטעם אויסגעהויכט מיט איר קאָפּ אין דער מאַמעס שויס. קיינער איז דעמאָלט ניט געווען אין דער היים. דער מאַן אין ווין וועגן זיינע געשעפטן. די קינדער אין די אוניווערזיטעטן. די דינסטן זיינען גע־שטאַנען צעשראָקענע און געוויינט. און אַזוי איז הענעלע אַוועק פון דער וועלט.

מען האָט גערעדט, אַז זלמן וועט באַלד נעמען אַן אַנדער ווייב, אַז ער האָט געוואַרט אויף איר טויט. נאָר דאָס זיינען בלויז געווען רייד. קיין אַנדער ווייב האָט ער ניט גענומען. ער האָט אויסגעקוקט פאַרפינצטערט און עלנט. דערנאָך האָט דער גרויסער אומגליק פּאַ־סירט וואָס האָט פאַרשניטן זיינע יאָרן. דער שניי האָט פאַרדעקט די גאַסן און הייזער ווען דאָס פייער האָט אויסגעבראָכן אין זייער הויז. איך וועל די נאַכט קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

עס האָט זיך אויסגעדוכט אַז דאָס גאַנצע שטעטל ברענט! די פלאַמען האָבן אָנגעצונדן די וואָלקנס. מיר זיינען אַלע געלאָפן צו זלמנס הויז ניט ווייט פון די „ליפּקעס״. ווי אַ פייער־בראַנד האָט דאָס פייער געבושעוועט. דאָס פייער האָט זיך צעטראָגן איבער דעם גאַנצן

שטעטל. גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעלאָזן צו די רייכע און אָרעמע. עס האָט קיינעם ניט געשאַנעוועט. זלמן איז געשטאָרבן צוזאַמען מיטן שטעטל.

געענדיקט האָט זיך די פּאַסירונג ניט אַזוי שלעכט. אַלע דריי דיימאָנד קינדער זיינען געקומען צופאָרן, געזען דאָס אומגליק וואָס האָט פּאַסירט, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט מיט די פּירער פונעם שטעטל. זיי האָבן געבראַכט אויך זייער אַדוואָקאַט פון מינסק. דאַנקען גאָט פאַר זייערע גוטע הערצער. מיט זייער געלט האָט מען אויפגע־בויט דאָס שטעטל. אַלץ איז געוואָרן שענער און ליכטיקער. עס איז מער ניט געווען קיין שטרויענע דעכער, נאָר געפּאַרבטע שינדלען, וואָס האָבן זיך געשפּיגלט אין דער זון.

אָבער זייער אייגן הויז האָבן זיי מער ניט אויפגעבויט. מיט דער צייט איז דאָס פּלאַץ געוואָרן פאַרוואַקסן מיט גראָז. נאָר דאָ און דאָרטן האָט מען נאָך געזען האָלעוועשקעס. די קינדער זיינען אַוועק ערגעץ אין דער וועלט אַריין. וואו זיי זיינען פאַרשוואונדן האָט קיינער ניט געוואוסט. אָבער די יידן פון שטעטל האָבן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

דערווייל זיינען מיר געוואַקסן ווי די דעמבעס. אייניקע זיינען שוין געווען אין אַמעריקע. די איבריקע צעשפּרייט איבער דער וועלט. נאָר איך אַליין בין פאַרבליבן. אונדזער דאָליע האָט זיך פאַרבעסערט. זיי פלעגן שיקן ביסלעך געלט אין בריוו. די מאַמע איז געווען גליק־לעך. „אַ דאַנק דעם אייבערשטן, אַז מען הערט פון זיי. ווי פייגעלעך האָבן זיי פאַרלאָזן זייער נעסט, אַוועקגעפאָרן צו די ברעגעס פון דער ערד און בויען היימען פאַר זיך. זאָל זיי זיין גוט וואו זיי זיינען. זאָל זיי גאָט באַשיצן, וואָס זיי זאָלן ניט טאָן! זאָלן זיי בלייבן גוטע יידן און ניט פאַרפרעמדט ווערן פון זייער שטאַם".

בין איך געווען דער איינציקער וואָס איז פאַרבליבן אין דער היים מיט זיי. איך בין געווען דער ייִנגסטער און דער שוואַכסטער. האָב אַ סך מאָל געטראַכט וועגן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. איך האָב אָבער געפילט, אַז איך קען דאָס ניט טאָן דער מאַמען. די דיימאָנדס זיינען פאַרלוירן געוואָרן און מיר האָבן זעלטן גערעדט וועגן זיי. אָבער, איינמאָל, אין אַ ווינטער פאַרנאַכט, איז אַ וואונדער געשען. אַרקע דיימאָנד איז פון ערגעץ אָנגעקומען. ער איז געווען דער ייִנגסטער פון די קינדער. ער איז געשטאַנען ביים שוועל, אַן אויס־

געבלייכטער, מיט טויטע, פאַרלאָשענע אויגן. די קליידער צעקנייטשט און שמוציק. אַפילו די מאַמע האָט אַ סעקונדע ניט געוואוסט ווער ער איז. זי האָט זיך צעכליפּעט, אים אָנגעכאַפּט ביים האַנט און מיט אַ צעבראָכענער שטימע גערעדט: „אַרעלע! אַרעלע, קום אַריין. דו ביסט אַזוי פאַרפרוירן, מיין קינד. גאָט מיינער, וואָס איז געשען מיט דיר, אַרעלע?"

אַרעלע איז געקומען אַהיים שטאַרבן. מיר האָבן קיינמאָל ניט געקאָנט אויסגעפינען וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. ער האָט ניט גערעדט קיין וואָרט. האָסטו אים עפּעס געפרעגט, האָט ער מיט גרויס מי געעפנט דאָס מויל, אָבער קיין ווערטער זיינען ניט אַרויס־געקומען. עפּעס אַ מרוקען פלעגט זיך אַרויסרייסן פון זיינע ליפּן. ער פלעגט זיצן אַ שווייגנדיקער, אַרויסקוקן דורך דעם פענצטער אין דרויסן. דעם זעלבן ווינטער איז ער געשטאָרבן. מען האָט אים באַ־גראָבן לעבן טאַטע־מאַמע אין דער פאַרפרוירענער ערד.

נאָך אַ פּאָר יאָר און מיר האָבן געקראָגן אַ גרוס פון פייגעלען. צום ערשטן האָבן מיר געהערט פאַרשיידענע סלוכן. ערשטנס, אַז זי האָט געהייראַט מיט אַ קריסט און זי וואוינט אין קיעוו. דערנאָך, אַז זי האָט עמעצן אַוועקגעגעבן איר געלט און אַליין געבליבן אָן אַ גראָשן. שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז זי איז געוואָרן אַ רעוואָלו־ציאָנערקע און איז פאַרשיקט געוואָרן אין דעם קאַלטן סיביר. שפּע־טער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז פייגעלע איז געווען פאַרשיקט, אָבער זי איז אַנטלאָפן. וואו זי געפינט זיך, האָט קיינער ניט גע־וואוסט. זי איז פאַרלוירן געגאַנגען אויף אייביק. די מאַמע האָט גע־זאָגט, אַז אין איר האַרצן פילט זי, אַז פייגעלע איז מער ניטאָ, אַז גאָט אין זיין באַרעמהערציקייט האָט זי אַוועקגענומען צו זיך, אַז ערגעץ אין די הימלען האָט ער געפינען אַ פּלאַץ פאַר איר.

ווען עס איז געקומען דער ערשטער וועלט־קריג האָבן די פּאָ־ליאַקן אונדז פאַרטריבן פון שטעטל. מיר האָבן אָנגעהויבן וואַנדערן ווי ציגיינער; דאָ געטאָגט, דאָרט גענעכטיקט. מיר האָבן גאָט גע־דאַנקט וואָס מען האָט מיך ניט אָנגערירט. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. אַבי די קינדער זיינען ווייט אַוועק און דאַרפן ניט ליידן. זאָלן זיי זיין וואו זיי זיינען אַבי ניט דאָ. די גרעסטע טייל זיינען גע־ווען אין אַמעריקע. אַ פּאָר זיינען געווען אין בראַזיל. — מיר האָבן זעלטן געקראָגן אַ בריוול פון זיי און אויך זייער ווייניק הילף. שפּע־

טער האָבן זיך די פּעדעם איבערגעריסן און מיר האָבן אין גאַנצן ניט געהערט פון זיי.

איך בין ניט געווען אַלט גענוג צו גיין אין מיליטער־דינסט. שוואַך געבויט און אויסגעדאַרט. מיר האָבן היפּשלעך געהונגערט. מיר האָבן זיך געשלעפּט ווי די ציגיינער אַוואו די פיס האָבן געטראָגן. דאָ ניט געטאָגט, דאָ ניט גענעכטיקט. דער טאַטע האָט זיך פאַרקילט און געהאַלטן אין איין הוסטן. זיינע אויגן זיינען אַלע מאָל געווען נאַס און די ליפּן שוואַרץ ווי האַליוועשקעס. די מאַמע פלעגט שטילער־הייט וויינען. זי האָט זיך זייער געשראָקן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן: קיין געלט אויף אַ דאָקטער האָבן מיר ניט געהאַט. די שפּיטאָלן זיינען געווען איבערגעפּולט מיט קראַנקע און שטאַרבנדיקע.

עס איז ניט געווען גוט: דאָס יידישע לעבן איז געווען הפקר. מען האָט גאַנצע יידישע שטעטלעך פאַרשניטן. די מאַמע האָט פאַר־לוירן איר שמייכל. איר פּנים פאַרגעלט, די ליפּן שוואַרץ און אויס־געטריקנט. דעם טאַטנס אויגן זיינען געווען פאַרפיבערט. ער פלעגט זעלטן רעדן אַ וואָרט. און איך בין מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן. איך בין שוין געווען זיבעצן, נאָר געפילט האָב איך אַז איך האָב שוין גע־לעבט צען לעבנס! איך בין געוואָרן דער פאַרזאָרגער פון מיינע טאַטע־מאַמע.

זיי וואָלטן געווען אויסגיין, ווען ניט איך. קיין עסן האָט מען ניט געקענט קריגן. מיר האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט און ניט געוואוסט וואָס מאָרגן וועט זיין. דערווייל האָבן מיר צוזאַמענגעקלאַפּט אַ בודקע אין דעם וועלדל, וואָס איז געלעגן ביים ענדע פונעם שטעטל און געהונגערט און געפרוירן. מיר האָבן געדאַנקט גאָט וואָס דער ווינטער און דער פרילינג זיינען שוין פאַרשוואונדן און דער זומער איז אָנ־געקומען.

איך פלעג זיך אַריינגנבענען אין די סעדער און אָפּרייסן פרוכט: עפּל, באַרנעס און ווינשל. אַ סך מאָל שיר ניט צעריסן געוואָרן פון די הינט. איך בין געווען אַזוי פלינק, אַז מען האָט מיך ניט געקענט כאַפּן. איך בין געווען מוראַלאַז, און אַז מען פלעגט מיך יאָגן, פלעג איך פאַרשווינדן אין די שאָטנס פון די וועלדער, אַרויפקריכן אויף אַ געדיכטן בוים, אָדער בלייבן ליגן מיטן פּנים אַרויף אין דעם הויך־געוואָקסענעם גראָז און זיך ניט רירן ביז די פאַרפאָלגער זיינען פאַר־שוואונדן.

די מאַמע איז געוואָרן פאַרגעלט און צעשראָקן. דער טאַטע האָט ניט געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך מיט אים. אַמאָל פלעגט ער קוקן אויף מיר און איך האָב ניט געוואוסט צי ער דערקענט מיך. זיינע ליפּן האָבן זיך געהאַלטן אין איין באַוועגן, ער פלעגט רעדן צו זיך אַליין, אָדער שטיין אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים מיט פאַרמאַכטע אויגן און רעדן צו גאָט: — איך האָב דאָך זיי דערהאַלטן ביים לעבן. ווען ניט איך, וואָלט דער הונגער שוין לאַנג געווען פאַרמאַכט זייערע אויגן אויף אייביק.

די לאַגע פון די יידן איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. מיט יעדן טאָג איז די געמיינדע געוואָרן קלענער. איבער נאַכט זיינען זיי פאַרשוואונדן, גאָט ווייס וואו. דער טויט האָט געפלאָטערט אויף די שפּיץ ביימער און אויף די פליגלען פון ווינט. בייטאָג זיינען מיר געווען באַהאַלטן אין וואַלד. ביינאַכט פלעג איך זיך אַרויסשאַרן און קריכן דורך די פאַרלאָזענע וועגן ביז איך האָב דערגרייכט אַ שטעטל אָדער אַ דאָרף.

דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. ניט באַשערט געווען אַז עס זאָל לאַנג אַזוי בלייבן. שולדיק איז געווען דער טאַטע. ער האָט זיכער ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. אין איין פרימאָרגן האָט ער אַוועקגעוואַנדערט אין וואַלד און מיר האָבן ניט געוואוסט וואו ער איז. די מאַמע איז געווען צו קראַנק און האָט זיך ניט גע־קענט רירן פון בעט. איך בין אַרומגעלאָפן ווי אַ משוגענער איבער אַלע סטעשקעס און איך האָב אים ניט געפונען! עס איז שוין געווען פאַרנאַכט ווען איך האָב געפונען זיין היטל, לעבן טייך. ביים בלאָטיקן ברעג זיינען געווען זיינע פוסטריט. דער אויבערפלאַך פונעם וואַסער איז געווען ווי אַ שפּיגל. די ביימער האָבן געשמעקט מיט אַ זוניקער צעוואַרעמטקייט. ווילדע בלומען האָבן געשפּראָצט פון דער שוואַרצער ערד, נאָר איך האָב געוואוסט, אַז דער טאַטע איז טויט. איך האָב אַרונטערגענידערט אויף דער פייכטער ערד און מער ניט געקאָנט איינהאַלטן די טרערן.

ווען איך בין צוריקגעקומען צו דערביידל אין וואַלד, איז די מאַמע געזעסן אין דרויסן. זי האָט מיך אָנגעקוקט אַ שווייגנדיקע און גאָרניט געפרעגט. די ליפּט איז געווען קיל און פייכט און זי האָט געציטערט פון קעלט. איך האָב איר אָנגענומען פאַרן האַנט און זי

אַריינגעפירט אין דער כאַטע. איך האָב איר דערציילט וואָס ס'האָט פּאַסירט. זי האָט געקוקט אויף מיר מיט טויטע אויגן און ניט גע־וואוסט וואָס איך רעד. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געברענט מיט פיבער. דאָס ליכטל וואָס האָט באַלויכטן דעם חדר, האָט אין מיטן נאַכט אויסגעצאַנקט. איך בין געזעסן אין דער פינצטער און געהאַלטן איר האַנט און זיך געוואָרגן מיט מיינע פינצטערע געדאַנקען. ווען עס האָט אָנגעהויבן אינדרויסן טאָגן, האָב איך באַשלאָסן, וואָס עס זאָל ניט זיין, וועל איך זי נעמען אין שפּיטאָל.

איך האָב זי האַלב געטראָגן און האַלב האָט זי קוים געשלעפּט די פיס. זי האָט שווער געאָטעמט און אירע באַקן זיינען געווען מיט רויטע פלעקן. איך האָב געוואוסט, אַז מיר וועלן ניט קענען דער־גרייכן דעם שפּיטאָל. מיר האָבן זיך געשלעפּט מיט אַ ווייס־זאַמדיקן וועג דורך אַ וואַלד פון יונגע סאָסנעס. איך האָב געפילט, אַז איך וועל באַלד פאַלן אין מיטן וועג און מער ניט אויפשטיין. אָבער פּלוצים האָב איך געהערט די טריט פון אַ פערד, דעם רויש פון רעדער אויף דעם זאַמדיקן וועג. באַלד האָב איך געזען דעם פויער האַלב־דרעמלענדיק אויף דער קעלניע. ער האָט אָפּגעשטעלט די פערד, אַרונטערגעקראָכן און אַ זאָג־געטאָן: „וואָס, צום גוטן יאָר, קומט דאָ פאָר?" ווען איך האָב אים דערציילט מיט טרערן אין די אויגן וואָס ס'האָט פּאַסירט, האָט ער מיר געהאָלפן אַרויפליייגן די מאַמע אויף דעם וואָגן, מיר געהאָלפן אַרויפקריכן און דערביי אונ־טערגעמורמלט אונטער דעם אָטעם: „באָזשע מאָי, באָזשע מאָי!"

ביים טיר פון שפּיטאָל איז געשטאַנען אַ וועכטער. ער האָט מיך אָפּגעשטעלט און בייז אָנגעקוקט: „פון וואַנען, צום שוואַרץ יאָר, קומסטו? . . . דו קענסט ניט אַריינקומען! מיר האָבן ניט גענוג פּלאַץ פאַר אונדזערע. ניטאָ קיין בעטן פאַר די קינדער. דיין מאַמע איז שוין אַלט, מעג זי שטאַרבן. די וועלט וועט גאָר ניט פאַרלירן פון דעם!"

וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט ווייס איך ניט. איך האָב געהערט מיינע אייגענע געשרייען, נאָר די שטימע איז געקומען פון ערגעץ ווייט. מיינע הענט האָבן זיך געקנוילט און די פינגער האָבן זיך איינ־געביסן אינעם וועכטערס האַלדז און אים געוואָרגן.. איך האָב גע־הערט טריט, געשרייען און אַ טומל. עמיצער האָט מיר דערלאַנגט

מיט עפּעס איבערן קאָפּ. עס איז מיר מיט אַמאָל פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן און אַ גרוילעכע שוואַרצקייט האָט מיך אַרומגענומען.

איך האָב ניט געוואוסט ווי לאַנג איך בין געלעגן ווי אין אַ הינער פּלעט. ווען איך האָב געעפנט די אויגן, האָט שוין די פריי־מאָרגן זון אַריינגעשיינט אין פענצטער. איך בין געווען אַליין אין חדר, און אַ קבר־שטילקייט האָט מיך אַרומגערינגלט. איך בין אַרונ־טערגעקראָכן פון בעט און מיינע פיס האָבן זיך געוואַקלט. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן. די פענצטער מיט גראַטעס. איך האָב זיך דערמאָנט וואָס ס'האָט פּאַסירט און מיין גאַנצער קערפּער האָט אָנ־געהויבן ציטערן. ערגעץ הינטער דער טיר האָב איך געהערט שאַרנ־דיקע טריט. געוואוסט האָב איך, אַז מיין וועג האַלט ביים סוף, אַז מיט מיר וועט פּאַסירן דאָס זעלבע וואָס מיט אַ סך אַנדערע יידן; אַז מען וועט אַפילו ניט וויסן וואו מיינע ביינער זיינען פאַרפוילט געוואָרן.

איך בין געלעגן אין בעט און פּרעטענדירט אַז איך בין נאָך באַוואוסטלאָז. נאָר פון אַ ווינקל פון מיין אויג האָב איך געזען אַ הויכן יונגנמאַן מיט אַ ווייסן, לאַנגן כאַלאַט קוקנדיק אויף מיר מיט גרויל־טראַגישע אויגן. פאַר אַ סעקונדע בין איך געווען פאַרגליווערט און ניט געקאָנט עפענען מיינע ליפּן. איך האָב אים באַלד דערקענט, נאָר איך האָב געטראַכט, אַז איך האָב פיבער און דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ פאַנטאַזיע. „בערקאָ! בערקאָ!" עס איז ניט געווען מיין שטימע, נאָר טיף פון מיר זיינען די ווערטער געקומען. בערקאָ דיי־מאָנד האָט מיך אָנגעקוקט, אַ גלעט געטאָן מיין שטערן און אַ טרער האָט זיך אַרונטערגעקאָטשעט.

„דו מוזסט געזונט ווערן, מייערל, שנעל, שנעל. די מאַמע קען זיך שוין באַוועגן. מיר מוזן אַוועק פון דאַנען איידער עס ווערט צו שפּעט! צו שפּעט!"

אַ פּאָר טעג שפּעטער, אין אַ פרימאָרגן, זיינען מיר ביסלעכווייז צוגעקראָכן צום זאַמדיקן וועג הינטערן שטאָט. מיר האָבן געטראָגן די מאַמע אויף די הענט איינגעוויקלט אין שמאַטעס. בערקאָ האָט מיר דערציילט, אַז ער איז דער הויפּט־דאָקטער פון שפּיטאָל. „שוין גענוג! די גאַנצע געגנט איז ווי אַ שלאַכטהויז. די יידן זיינען פאַר־טיליקט, אויסגעהרגעט אָדער פאַרשיקט. איך מוז אַוועק פון דאַנען איידער איך גיי אַרונטער פון זינען".

אַ פור מיט צוויי שוואַרצע פערד האָבן געוואַרט אויף אונדז. דער וואָגן אָנגעפּילט מיט שטרוי. מיר האָבן אַוועקגעלייגט די מאַמע, זי וואַרעם איינגעדעקט און מירביידע האָבן זיך אַוועקגע־זעצט אויף דער קעלניע. עס איז נאָך געווען טונקל אין וואַלד, נאָר די זון האָט אָנגעהויבן דורכדרינגען, און דאָס ליכט האָט געטאַנצט אויף די צווייגן פון די יונגע ביימער. בערקאָ האָט געהאַלטן זיין האַנט אויף מיין אַקסל, איך האָב געטריבן די פערד. מיר האָבן ניט גע־וואוסט אַוואו דער וועג פירט. אַלץ איז מער ניט געווען ווי אַ חלום.
— ערגעץ וועט זיך געפינען אַ ווינקל פאַר אונדז. וואו? גאָט ווייס.

# אַ שלעפּ־שיפל

איך האָב ניט געוואוסט אַז ער איז אַ ייד. ניט אין אויסזען, ניט אין דער שפּראַך האָט מען דאָס געקענט פאַרדעכטיקן. זיין נאָמען איז געווען ביל שובאַק. ער איז געווען אַ היבשער בחור, אַ ריז אַ יונג מיט קאָרענע האָר, ברוינע אויגן. זיינע אָרעמס זיינען געווען ריזיקע. דאָס פּנים פאַרברוינט ביז שוואַרצקייט. און אַז ער האָט געשמייכלט, האָט מען געזען אַ מויל ווייסע ציינער, אַז עס איז געוואָרן וואַרעם אין האַרצן.

ער איז געווען דער קאַפּיטאַן פון דער שלעפּ־שיפל. איך בין געווען ניט מער ווי אַ האַנט. געטויגט האָב איך צו גאָרנישט. איך ווייס ניט ביזן היינטיקן טאָג, פאַרוואָס ער האָט מיך ניט אַרויס־געוואָרפן דעם ערשטן טאָג. איך בין געווען הויך און דאַר, פויל ווי אַ שטעקן. ליב געהאַט די זון, ליב געהאַט דעם האָדסאָן. חוץ דעם האָב איך ניט געטויגט אַ קאָץ אַן עק צו פאַרבינדן.

מיין פאַמיליע האָט קיין פרייד פון מיר קיינמאָל ניט געהאַט. זיי זיינען געווען שטילע, פּשוטע מענטשן. געוואָלט פון מיר מאַכן אַ לייט. אָבער ניט איך! איך האָב ניט געוואָלט זיין קיין לייט. ניט געוואָלט שטודירן. ניט געוואָלט אַרבעטן. זיך אַרומגעשלעפּט מיט ניט קיין פיינע מענטשן און געהאַט אַלעמען אין דער ערד! דערצו בין איך געווען ברוגז אויף זיי. איך האָב געטראַכט אַז זיי באַהאַנדלען מיך ניט גוט; האָב איך באַשלאָסן אַוועק פון זיי. איבערגעלאָזט שיקאַגאָ און געקומען קיין ניו־יאָרק.

חוץ שובאַקן זיינען מיר געווען נאָך פיר. צוויי פון זיי זיינען שוין געווען עלטערע מענטשן, פּעאיק אין זייער פאַך. חוץ אַביסל צופיל טרינקען, האָט מען געקענט זיי פאַרטראָגן. מאַק איז געווען אַ רויט־האָריקער, האָט וויניק גערעדט און האָט געקענט אַרבעטן ווי אַ פערד; שובאַק פלעגט שפּאַסן פון אים און זאָגן: „אַז דאָס ווייב

רעדט שוין פאַר אים אויך״. דער צווייטער איז געווען לאַרסען. ער איז געווען דער יינגערער, ניט געהאַט קיין ווייב, ניט קיין קינד; געשפּילט האַרמאָשקע, און יעדע פרייע מינוט געלייענט קאָנראַדן און דזשעק לאָנדאָן. ער האָט געזונגען לידער אין אַלע שפּראַכן; שמוציקע לידער וועגן פרויען און געשלעכט. ער איז אָבער געווען אַ ליבער מענטש און וואָלט אַוועקגעגעבן דאָס העמד פון לייב.

דער פערטער איז שוין געווען פון אַן אַנדער מין. ער איז געווען שובאַקס רעכטע האַנט. געוואוסט מער ווי יעדער איינער פון אונדז. לאַרסען איז געווען זיכער אַז ער קען אויסשפּייען שובאַקן! ער האָט אויך געהאַט אַ קאַפּיטאַנס לייסענס. פאַרוואָס אַנדרעי האָט געאַרבעט אויף דער שלעפּ־שיפל האָט קיינער ניט געקאָנט פאַרשטיין! ער איז געווען אַ גוטער ברודער, האָט זיך מיט יעדן איינעם געפריינדלט און ביי יעדער געלעגנהייט געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. ער איז געווען זעקס פוס צוויי אינטשעס הויך, שטאַרק ווי אייזן און אַ האַרץ פון גאָלד. חוץ דעם האָט ער געשריבן און געזונגען זיינע אייגענע לידער. געהאַט אַ פיינע שטימע און געזונגען מיט גרויס געפיל.

עס זיינען געווען טעג פון שווערער אַרבעט, און טעג פון רו. ווען דאָס שלעפּ־שיפל איז געשטאַנען געאַנקערט אַ טאָג אָדער צוויי, פלעגט איינער פון אונדז בלייבן מיט דער שיף, ווייל די אַנדערע פלעגן גיין אין שטאָט אַריין אַ לעב צו טאָן. אָבער וואָס עס זאָל ניט געווען פּאַסירן, איז יעדער געווען פּינקטלעך אין קומען צוריק. אָנגע־טרונקען אָדער וואַקלענדיק. זייערע פיס האָבן זיי געבראַכט צו דער שיפל אין צייט. איך האָב אַ סך מאָל וואָלונטירט צו בלייבן און לאָזן די אַנדערע גיין פאַרברענגען. איך בין געווען אַן אומעטיקער בחור. ניט אַלט, ניט יונג. ניט געוואוסט אין וואָס פאַר אַ וועלט איך בין! ניט געוואוסט וואָס איך וויל, אָדער וואוהין מיין וועג וועט מיך פירן. ניט געהאַט קיין גאָט, ניט קיין מענטשן! ביי יעדער געלעגנהייט גע־וואָרן גערירט ביז טרערן. גאָט ווייס וואָס איך האָב געוואָלט פון לעבן.

איך בין געווען יינגלש און אומבאַהאָלפן ווי אַ קראַנקע קאַץ. עס איז מיר געווען שווער עלטער צו ווערן. איך האָב זיך געראַנגלט מיט דער רעאַליטעט, און געלעבט אין אַ וועלט פון חלומות. איך האָב געבענקט אַהיים צו די פינסקער בלאָטעס, וואו די טייכן האָבן ווי אַן אייביקער שטראָם געפלאָסן. איך האָב געבענקט נאָך די כאַטעס,

וועלכע האָבן פון מידקייט זיך איינגענאָרעט אין דער ווייכער זומפּי־קער ערד.

שובאַק פלעגט מיך מיטשלעפּן מיט זיך ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט ליב געהאַט אַרומוואַנדערן אויף איסט בראָדוויי, אָרטשאַרד סטריט, געסלעך פון דער איסט סייד. איך האָב געוואוסט, אַז ער איז ניט געבאָרן געוואָרן אין אַמעריקע. אָבער וואו? האָט ער קיינמאָל ניט דערציילט. קיינמאָל ניט דערמאָנט עמיצען פון זיין פאַמיליע. ווען ער האָט מיר געזאָגט אַז ער איז אַ ייד, האָב איך אים אָנגעקוקט און געשמייכלט. ער איז געוואָרן בייז אויף מיר און האָט מיך אָפּגעזידלט פאַר מיין ניט גלויבן. ער איז צוגעלאָפן צו אַ צייטונג־פאַרקויפער, אַ כאַפּ־געטאָן אַ יידישע צייטונג און האָט אָנגעהויבן לייענען. עס איז פאַר אים געווען שווערלעך, און יעדעס וואָרט איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל ווי האָלץ. אָבער איך האָב מער ניט געקענט לייקענען אַז ער איז אַ ייד.

אין אַ געוויסן שבת נאַכט איז אונדזער שיפל געווען געאַנקערט ביי די ברעגן פון האָדסאָן. מיר זיינען אינפאָרמירט געוואָרן אַז מיר וועלן ניט זיין אַקטיוו פאַר אַ פּאָר טעג. שובאַק איז אַוועק צו זיין דאַמע. ער פלעגט זי זען יעדע צוויי־דריי וואָכן. צוריקקומענדיק פלעגט ער פאַר אַלעמען שווערן, אַז ער וועט זי מאַכן פאַר זיין ווייב. עס איז ניטאָ קיין בעסערע ווי זי; ער פלעגט איר קיינמאָל ניט אָנרופן ביים נאָמען, נאָר „זי״. געוויינטלעך איז ער געווען אָנגעטרונקען ביז פּלאַצן. און אַז ער פלעגט זיך אויסניכטערן, איז אַן אומעט אים באַפאַלן, און ער האָט פאַרמאַכט זיין פּיסק און ניט גערעדט מיט קיינעם גאַנצע טעג.

מאַק און אַנדרעי האָבן געהאַט ווייבער און קינדער, פלעגן זיי אַוועק צו זייערע היימען. לאַרסען האָט באַשלאָסן אַז ער בלייבט אויף דער שלעפּ־שיפל. ער איז געווען זייער אומעטיק דעם פאַרנאַכט. ער איז געשטאַנען ביי דער פאַרענטשע און אַרונטערגעקוקט צום וואַסער. איך האָב באַשלאָסן צו וואַנדערן אַביסל איבער דער שטאָט און זוכן דעם נעכטיקן טאָג. פאַרן אַוועקגיין האָב איך געפרעגט לאַרסענען אויב ער וויל איך זאָל אים ברענגען עפּעס, ווען איך וועל צוריקקומען. ער האָט מיר פאַרטראַכט געענטפערט: „יע, מייק, ברענג מיר פרידן פאַר מיין האַרצן! אויב ניט אַ ביסל פרייד אין אַ טיי גלאָז״. איך בין שנעל אַרונטער פון שיפל.

מיין שטימונג איז ניט געווען קיין גוטע. איך בין געבליבן שטיין ביי דער צוועלפטער עוועניו און ניט געוואוסט וואוהין מען גייט. דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט און אַ ווינט האָט זיך געריסן פון דעם האָדסאָן. איך וואָלט צוריקגעגאַנגען צום שיפל, האָב איך זיך דערמאָנט אָן לאַרסענען, און באַשלאָסן: זאָל זיין וואָס עס וויל, איך וועל בעסער ערגעץ בלייבן איבער נאַכט. בין איך געגאַנגען מיט דער פערצנטער גאַס, געפילט אַז עס וואָלט געווען גוט צו טרינקען אַביסל שנאַפּס. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אין פרענקס סאַלון. כ׳האָב אים שוין לאַנג ניט געזען און איך האָב געוואָלט אָנקוקן פרענקס רויטע קאָפּ האָר און וואַרעמע אויגן.

„העלאָ, כאָליערע!" האָט פרענק זיך צעשריען. „קום אַהער, לאָמיר דיך אָנקוקן!"

פרענק האָט אַ שפּיי געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע. זיין רויט, גע־שטופּלט פּנים איז נאָך רויטער געוואָרן. „דו קוקסט אויס ווי אַ מענטש. דו האָסט געמוזט צונעמען אַ האַלבן פונט... אויב דו וועסט אַזוי אָנהאַלטן, וועסטו אין הונדערט יאָר אַרום זיין אַ רעגעלער מאַן! זעץ זיך בעסער אַוועק, איידער דו פאַלסט פון די פיס."

איך האָב געדאַנקט גאָט אַז מען האָט אים אַוועקגערופן. איך האָב געוואָלט זיין אַליין, בין איך אַוועק אין אַ ווינקל, זיך אַוועקגעזעצט, פאַרויכערט מיין ליולקע און צו דער זעלבער צייט פּאַמעלעך גע־טרונקען מיין דזשאַמייקאַ ראָם. אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער. די פענצטער זיינען געווען נאַס, כאָטש עס האָט ניט גערעגנט. דער סאַלון איז נאָך געווען ליידיקלעך. איך האָב געטראַכט אַז באַלד וועט דער גרויסער סאַלון ווערן איבערגעפילט. עס וועט ווערן טומלדיק, און פול מיט רויך. די אַרבעטער פון האַפן וועלן קומען כאַפּן אַ טרונק און פאַרגסן זייער מידקייט. די מאַטראָזן וועלן פאַרלאָז די פאַר־אַנקערטע שיפן, און וועלן וואַנדערן איבערן שטאָט צו זוכן פרויען אויף דער נאַכט און דערווייל כאַפּן אַ טרונק, טרעפן פריינט און שמועסן אַ ביסל.

ווען איך בין אַרויס אין גאַס האָב איך ניט געוואוסט וואוהין מען גייט. אַ טומאַן האָט אַראָפּגענידערט פון הימל און זיך געקלעפּט צום טראָטואַר. איך האָב שוין דערגרייכט פינפטע עוועניו, זיך ווייטער געשלעפּט און געטראַכט. אַז כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט, בין איך שוין געווען אין גרינעטש ווילעדזש. איך האָב זיך פאַר אַ פּאָר מינוט

אַוועקגעזעצט אין פּאַרק, פאַרמאַכט די אויגן און געדרימלט. עס איז אָבער געווען צו קיל און פייכט און עס איז געווען אומבאַקוועם צו בלייבן זיצן אויף איין אָרט. בין איך אַזוי ביסלעכווייז פאַרקראָכן אין קריסטאָפער סטריט אין אַ קאַפעטעריע, גענומען שוואַרצע קאַווע מיט אַ קיכל און געזופּט פּאַמעלעך. איך האָב געטראַכט אַז איך וועל שוין קיין לייטישע נאַכט נישט האָבן. אַז עס וואָלט געווען בעסער פאַר מיר צו בלייבן אויף דער שלעפּ־שיפל, אָדער גיין אין מיין צימער אויף דער צוועלפטער גאַס און אַריינקריכן אין בעט אַריין מיט אַ פלעשל שנאַפּס און איבערקומען די נאַכט.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל לעבן מיר. אַ רויט־האַריקע מיט אַ פּנים פול מיט קלייען. גרינע אויגן ווי ביי אַ קאַץ. ווי אַלט זי איז געווען איז מיר געווען שווער צו טרעפן. איך וואָלט געזאָגט — אין די דרייסיקער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און אַ זאָג געטאָן גלאַט אַזוי זיך: „עס איז פּאַסקודנע אין דרויסן! האָסט אפשר אַ סיגאַרעט?...‟ איך האָב איר געגעבן איינעם, אָנגעצונדן אַ שוועבעלע כדי זי זאָל קענען פאַררויכערן. איך האָב איבערגעלאָזט מיין שטול און זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר.

„דו ווערסט מיר אַנטשולדיקן, עס איז מיר אומעטיק צו זיצן אַליין‟, האָב איך אַ זאָג געטאָן.

„נו, זיץ. אין אַזאַ וועטער איז גוט צו ליגן אין בעט איינגעניורעט. עס איז גוט אַז עמיצער זאָל דיר זאָגן וואָס פאַר אַ שיינעם קערפּער דו האָסט!‟ זי האָט מיך אָנגעקוקט און אַ פרעג געטאָן: „ווי אַלט ביסטו?... האָסט אַ פאַרברוינט פּנים, ברוינע אויגן, אָבער הויט און ביינער...‟

„זאָל איך דיר דערציילן מיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע?...‟ האָב איך געלאַכט. „איך בין ניינצן. אַרבעט אויף אַ שלעפּ־שיפל. איך בין געבוירן געוואָרן זייער ווייט פון דאַנען. מיין היים איז געווען צווישן טייכן, פעלדער און וועלדער. איך האָב געהאַט אַ טאַטן און אַ מאַמע. געבוירן געוואָרן ווי אַלע, און וועל שטאַרבן ווי אַלע. וואָס מאָרגן וועט זיין מיט מיר ווייס איך ניט! אָבער היינט איז מיר אומעטיק ביז וויינען. איך בין הונגעריק אויף אַ רויט־האָריקע ווייב, און איך בין גרייט איר צו פאַרגוואַלטיקן.‟

זי האָט זיך צעלאַכט. „דו ביסט אַ מאָדנער יונג. איך גלויב איך וועל דיך ליב האָבן. נעם נאָך אַ טרונק און זיץ שטיל אַ ביסל. לאָמיר

דיך באַטראַכטן. איך גיי ניט מיט אַבי וועמען. איך בין ניט קיין גאַסן־פרוי! דו דאַרפסט מיר געפעלן צום ערשטן. איך דאַרף זיין זיכער אַז דו ביסט אַ ריינער מענטש! דו וועסט מיך מוזן צערטלען ווי אַ געליבטער."

שפּעטער האָט זי מיר געזאָגט אַז איר נאָמען איז טערעזאַ, זי האָט דאָס מיר געזאָגט אין אַזאַ טאָן, ווי דער נאָמען וואָלט געהאַט אַ ספּעציעלן באַדייט. איך האָב איר אָנגעקוקט און געזען אַז זי קוקט אויס מיידעלש, מיט איר פאַרריסענעם נאָז און פייכטע ליפּן.

מיר זיינען שוין געווען היפּשלעך אָנגעטרונקען. מיר האָבן פאַר־לאָזן די קאַפע. די לופט איז געווען רוי און פייכט און זיך געקלעפּט צום לייב. טערעזאַ האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן מיין אָרעם און געהאַלטן אין איין רעדן. מיר איז געווען אומעטיק און שווער אויפן האַרצן. איך האָב יאָ געהערט, און ניט געהערט וואָס זי זאָגט. מיר זיינען צו־געקומען צו אַ גרוי, אָפּגעקראָכן הויז אויף וואַשינגטאָן עוועניו. דער קאָרידאָר איז געווען ווי אַ פינצטערע לאָך. די שטיגן האָבן געקרעכצט אונטער די פיס. אין אייניקע ערטער זיינען זיי געווען צעבראָכן. די פענצטער זיינען געווען אָפן און מען האָט ניט געפילט קיין שטויב. אין מיטן אַרויפגיין האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, מיך אַרומגענומען מיט אירע אָרעמס, און זיך איינגעביסן מיט אירע ליפּן אין מיינע.

איר צימער איז געווען אויף דעם לעצטן שטאָק. זי האָט מיר געגעבן דעם שליסל און איך האָב געעפנט די טיר. ווען זי האָט אָנ־געצונדן דאָס ליכט בין איך געבליבן שטיין אין מיטן צימער און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן וואָס מיינע אויגן האָבן געזען.

אַ קאָרידאָר האָט געפירט צו אַ גרויסן חדר. עס איז געווען אַ מאָלער־סטוריאָ מיט פאַרשיידענע בילדער אויף די ווענט. איבער־הויפּט לאַנדשאַפטן אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס און זון־אונטערגאַנג. אַ בוים אַליין אין אַ זומפּיק פעלד, אַ מענטש שטייענדיק אויף אַ בערגל מיט פאַרמאַכטע אויגן ווי ער וואָלט גאָט געבעטן. אַ יונג ווערלדל אין אָוונט־ליכט. אַ הויז אויף אַ באַרג פאַרהוילן אין שאָטנס. אַ מיידל אַרויסקוקנדיק דורך דעם פענצטער צו אַ ליידיק געסל. אַ האַלב איינגעפאַלענע געביידע ביים איסט ריווער...

די מאָטיוון זיינען אַלע געווען פון אומעט און פאַרגיין. אויסער דעם איז אַלץ געווען זויבער. דער שלאָף־צימער אַ שטיק אָריענט. די פרעסקאָס אויף די ווענט האָבן דערמאָנט אָן אַ פאַרצויבערטן

גאָרטן. טערעזאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און זיך הויך צעלאַכט. און איך האָב געשוויגן.

איך בין פאַרטאָג אַוועק פון איר. די שטיגן האָבן געקרעכצט אונטער מיינע פיס. ווען איך בין אַרויס אין גאַס איז נאָך געווען טונקל. די בריק פון אויבן האָט מיר פאַרשטעלט דעם הימל. עס איז אָבער געווען קיל, און דאָס וואַסער פון האַדסאָן האָט זיך גע־לאָזט פילן אין דער לופט. איך בין געגאַנגען פּאַמעלעך צום וואַסער. מיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט אומעט. איך האָב זיך גע־וואונדערט אויב איך וועל טערעזאַן נאָך אַ מאָל זען? וועל איך נאָך אַ מאָל פילן איר קערפּער לעבן מיינעם? — זי איז אַ וואונדערלעכע, וואונדערלעכע פרוי! אַ גרויסע קינסטלעריך, וועלכע באַהאַלט זיך פון דער וועלט. ניט אַלט, ניט יונג, אָבער טראָגט אויף אירע ברעמען די אייביקייט.

מיין חדר איז געווען אויף דער צענטער עווענוי און פערצנטער גאַס. אַ רויט אָפּגעקראָכן הויז, מיט שטויביקע ווענט. אונטן איז גע־ווען אַ רעסטאָראַן, וועלכער האָט געשמעקט מיט שימל. איך האָב אויף שנעל געכאַפּט אַ שוואַרצע קאַווע און אַוועק אין מיין צימער. אַ בריוו פון דער היים האָט אויף מיר געוואַרט. איך האָב עס פּאַ־מעלעך געעפנט אויפן בעט און געלייענט. די ווערטער האָבן גע־טאַנצט פאַר מיינע אויגן, זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד. אַזאַ מיד־קייט איז געווען אויף מיר, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך געוויגט אין מיין קאָפּ. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און אַנטדרימלט געוואָרן זיצנדיק. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין די זון געשיינט. עס איז געווען אַ פריידיקער טאָג.

איך בין אַרונטער אין דעם דומפּיקן רעסטאָראַן און נאָך אַ מאָל געטרונקען קאַווע, געלייענט דעם בריוו פון דער היים.

„דאַנקען דעם אויבערשטן דערפאַר, מיר זיינען געזונט. מען לעבט ווי מען קען און מען דאַרף ניט זינדיקן. די אָזערע פליסט שוין ווידער און מען קען כאַפּן פיש וויפילן מע וויל. דאָס וואַסער איז קלאָר און מען קען זען יעדעס שטיינדל און טראָפּן זאַמד. מען אַרבעט שוין אויפן גאָרטן און עס וועט לאַנג ניט געמען און מען וועט עסן די פרוכט פון דער ערד. די פאָר פרוכט־ביימער בליִען שוין. אַלץ שמעקט מיט זון און פרייד.

וואָרום שרייבסטו ניט? מיר זיינען באַזאָרגט וועגן דיר. פאַר־

פרעמד ניט דיין אייגן בלוט און פלייש, מיר האָבן געקראָגן אַ בריוו פון פערלען. זי שרייבט, אַז זי האָט שוין לאַנג ניט געהערט פון דיר. פאַרגעס ניט, זון, אַז זי איז דיין שוועסטער, און האָט דיך אַריבער־געבראַכט קיין אַמעריקע. פאַרפרעמד זיך ניט, זון, עס איז ניט גוט צו זיין אַליין אין אַ פרעמד לאַנד. פאַרגעס ניט אַז דו ביסט אַ יידיש קינד! גיי ניט אין פרעמדע וועגן, וועלכע קענען דיך פירן צו פאַר־געסן גאָט."

איך בין געזעסן שטיל און געלאָזן די קאַווע קאַלט ווערן. איך האָב געקוקט אין דרויסן און גאָרניט געזען. איך האָב געטראַכט וועגן דער היים. געטראַכט וועגן דער מאַמען מיטן שייטל אויפן קאָפּ צו־געדעקט מיטן טיכל פון ריינעם זייד. איך האָב געזען אירע רויטע שווערע ברעמען איבער אומרואיקע אויגן. איך האָב געטראַכט וועגן — טאַטן: הויך, מיט אַ שפּיציקער באָרד, מיט שוואַרצע סאַמעטענע אויגן. איך האָב געזען אונדזער גאָרטן בליענדיק. איך האָב געזען דעם וואַלד, אַ פּאָר שפּאַן פון הויז, איז אַלע מאָל געווען פאַרהוילן אין מיסטעריע. איך האָב געזען דעם בירקאַן, אַ שטיק זומפּיקע ערד, וועלכע איז אין אַ לעגענדע געווען פאַרהוילן. ביינאַכט האָבן אַלע געהערט דעם קלאַנג פון גלעקער פון טיף אין אָפּגרונט. אַ קלויסטער איז דאָרטן געווען פאַרזונקען... איך האָב געזען דעם מאַרק ביינאַכט, פאַרלאָזן און אומעטיק, וואו טויטע פלעגן זיך צוזאַמענקומען. איך האָב געזען דאָס הייליקע אָרט וואו מיין זיידע און באָבע ליגן אין אייביקן שלאָף און דרימלען אין אייביקייט.

צום שלעפּ־שיפל בין איך מער ניט געגאַנגען. איך בין אַוועק צו דער יונייטעד פרוכט קאָמפּאַני און זיך פאַרדונגען אויף איינער פון זייערע פראַכט־שיפן, וועלכע פאָרן אַרום אין די טראָפּישע לענ־דער. דעם זעלבן טאָג האָב איך פאַרלאָזן די שטאָט און בין געקומען צוריק מיט יאָרן שפּעטער. שובאַקן, אָדער די אַנדערע מאַנשאַפט פון דער שלעפּ־שיפל האָב איך מער קיינמאָל ניט געזען. איך וואונ־דער זיך וואָס איז געוואָרן פון זיי? וואָס האָט פּאַסירט אין זייערע לעבנס?... איך וואַנדער אַרום דעם ניו יאָרקער האַפן און זוך זיי! איך האָב דאָס גרויליקע געפיל, אַז זיי זיינען פאַרשוואונדן אין דער אייביקייט.

# די מאַמע

דאָס איז אַ מעשה וואָס ס'איז ווערט צו דערציילן. האָט געדולד, יונגערמאַן, וואָס איז די אײַלעניש? — ווען איר וועט דערגרייכן מיין עלטער וועט איר פאַרשטיין, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו לויפן. דעם קבר וועט איר ניט פאַרשפעטיקן, און די וועלט וועט אָנגיין אָן מיר און אָן אייך ... — רעזניק האָט אַ שאַר געטאָן די האָר פון קאָפּ און האָט אַ זיפץ געטאָן:

„איצט קומען מיר צו דעם געדיכטן. אַ משל, דריי קינדער, אָרעמע, רייכע. דער טאַטע, אַ שטילער, אַ באַשיידענער, האָט זיך ניט געמישט אין הויז. די מאַמע, גרויס ווי אַ פּיפּערנאָטער, מיט בראָדעוקעס אויף די באַקן און אויף דעם שטערן, איז געווען די בעל הביתטע פון הויז. זי האָט געוועלטיקט מיט איר פּיסק, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרמאַכט, און געשאָטן פּעך און שוועבל ...

די קינדער, פאַרוויאַנעטע, אויסגעדאַרטע און פינצטער ווי די נאַכט. נאָר די טאָכטער, זי האָט געהאַט אַ ליכטיק פּנים, ווייסע ציינד־לעך און אירע באַקן האָבן געבליט ווי צוויטן. מען האָט געקענט שווערן, אַז זי געערט ניט צו דער זעלבער משפּחה. איך בין דע־מאָלט ניט געווען קיין באַוויבטער. פאַרליבט בין איך געווען אין איר ביז צום שטאַרבן. די כאָלערע פלעגט מיך כאַפּן, ווען זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אירע בליציקע אויגן ...

נאָר דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. עס איז ניט באַשערט געווען. האָט זי זיך פאַרליבט אין אַן אַנדער אָפּערייטאָר פון דעם זעלבן שאַפּ. ער איז געווען שענער פון מיר, אָבער שׂכל האָט ער גע־האַט וויפל איך. מיר האָבן געאַרבעט ווי פערד, און געלעגן אין דער ערד. — און דער גרויסער באַלעבאָס איז געווען דער עלטסטער זון! ער איז געווען גרויס ווי אַ גענעץ, דאָס פּנים אויסגעדאַרט און פאַרטריקנט. אָבער אַ פּיסק האָט ער געהאַט ווי די מאַמע. זיינע

בלויע ליפּן האָבן אַלע מאָל געמאָלן. ער האָט אייך געקענט איבער־צייגן, אַז טאָג איז נאַכט, און אַז נאַכט איז טאָג. און ביי זיין מאַמען איז ער געווען די זאַלץ פון דער ערד! די אַנדערע זיינען אויך געווען קינדער, אָבער זיי זיינען געווען ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן, מען האָט געקאָנט אויסקומען אָן זיי.

האָבן מיר אַלע דריי געאַרבעט אין שאַפּ. איך און דער ניט־„גע־ראָטענער זון" און דער איידעם. די טאָכטער האָט אויך געאַרבעט פון צייט צו צייט. מען פלעגט אָנהייבן אַרבעטן ווען עס איז נאָך גע־ווען גרוי אין דרויסן און ענדיקן, ווען גאָט און בענדזשאַמין אָברוט־סקי האָבן געוואָלט. ווען מען דאַרף פאַרענדיקן דעם לאָט, דאַרף מען. אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס. אַ חוץ דעם זיינען מיר דאָך יונג און מען דאַרף אין זינען האָבן דעם מאָרגן...

מיר זיינען ניט געווען די איינציקע אַרבעטער אין שאַפּ; עס זיינען געווען פאַרשיידענע מענטשן ,אַלט און יונג, מיידלעך און ווייבלעך. די מערסטע אין די מיטעלע יאָרן, אָנגעפּאָרענע פון דער גאַנצער וועלט. און ער, דער גרויסער בעל הבית, מיט די קליינע, גרינע אויגן, איז אַרומגעלאָפן פון איינעם צום אַנדערן, און זיין מויל האָט זיך אויף אַ מינוט ניט פאַרמאַכט. דערהויפּט האָט ער געשאָלטן די יוניאָנס; „האַ, האַ: — די כאַלערע וועט זיי כאַפּן; מיך וועלן זיי ניט טשעפּען! איך וויס זייערע שטיק. איך בין דאָך אַליין געווען אַ מאַכער דאָרטן. גיב זיי געלט, גיב זיי. ניט ביי מאָטיען, ניט ביי מיר".

מיר פלעגן זיך איבערווינקען, שמייכלען און שווייגן. ביי אונדז אין האַרצן האָבן מיר געוואוסט, אַז ווען די יוניאָן וועט רופן, וועט מען גיין. אפשר דאָ און דאָרטן וועט זיך איינער אָדער צוויי ניט רירן. דאַן וועלן מיר שוין וויסן וואָס צו טאָן. די איינציקע וועלכע האָבן אונדז איבערגעלאָזן אין צווייפל זיינען געווען, דער זון און דער איידעם. שפּעטער איז צוגעקומען נאָך אַ זון. ער איז געווען אַ פּעדלער און ניט געמאַכט קיין לעבן. האָט די מאַמע באַשלאָסן, אַז ער זאָל ווערן אַ פּרעסער. האָט זיך די משפחה אין שאַפּ פאַרגרע־סערט, און אונדזער דאָליע אין שאַפּ פאַרערגערט.

און די מאַמע פלעגט קומען אין שאַפּ און אַרומשפּאַצירן פון איינעם צום אַנדערן און זיך בלאָזן, און אירע בראָדעווקעס זיינען געוואָרן גרעסער און אירע גרינע אויגן האָבן יעדן איינעם אָפּגע־

מאָסטן. זי פלעגט קוקן אויף איר זונדל און זיך שמעלצן פון נחת. זי פלעגט אים עפּעס אַריינשושקען אין אויער און ער פלעגט ווי אַ ווילדער צולויפן צו די אַרבעטער און שרייען, ביז ער איז געוואָרן גרין און געל. דערהויפּט האָט זי געהאַלטן אירע אויגן אויף די וואָכן־אַרבעטער: „וואָס איז דאָ, אַ דאַטשע? . . . זע נאָר ווי זי אַר־בעט! זיצט ווי ביי איר טאַטן אין ווייגאָרטן; קוים זי רירט זיך, מיט אירע הילצערנע הענט. וואָס שווייגסטו, בענדזשאַמין! וואָס שווייגסטו?" נאָך אַזאַ רעדע פון די בראָדעווקעס, ווי מיר פלעגן די מאַמע רופן, פלעגט ווערן פריילעך. בענדזשאַמין פלעגט זיך רייסן די קישקעס און עס איז געווען ניט אויסצוהאַלטן.

זינגען האָט מען ניט געטאָרט. אָבער ביי יעדער געלעגנהייט האָבן מיר אין אַ כאָר אָנגעהויבן ברומען ווי די לייבן, און דעם אָנפאַנג האָט אַלע מאָל געמאַכט דער ברודער סעם. דערהויפּט ווען די מאַמע איז געווען אין שאַפּ. ער פלעגט אָנהויבן שטילערהייט און מיר אַלע פלעגן אונטערהאַלטן און האַלטן אונדזערע קעפּ פאַרגראָבן אין דער אַרבעט, און ביסלעכווייז איז זיין שטימע געוואָרן העכער:

„ברידער, מיר האָבן געשלאָסן
אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד.
מיר גייען אין שלאַכט ווי גענאָסן,
די פאָנע, די רויטע, אין האַנט".

ווי אַ כוואַליע האָט דאָס ליד אַרומגעכאַפּט אַלעמען. אַפילו די פּוילישע שיקסע, אַננאַ, האָט געהאָלפן, אַפילו דער נעגער־באָי, טאָמאַס, מיט זיין ברוסטיקער שטימע, האָט געזונגען. און די מאַמע איז געשטאַנען אַ געפּלעפטע און שיר ניט געפּלאַצט: סעמקע, האָט זי געשריגן צום זון, „אַ בראָך צו דיר, וואָס דו טוסט צו דיין ברו־דער! ער גיט דיר ברויט, שלימזל, און דו גיסט אים אָפּ מיט שטיינער. אַ ניכפּע זאָל אייך אַלעמען כאַפּן! סוואָלאָטשעס".

מיט אַמאָל פלעגט אַלץ ווערן שטיל. דער איידעם איז געבליבן זיצן ביי דער מאַשין מיט אויסגעסטראַשעטע אויגן און די אונטער־שטע ליפּ פלעגט ציטערן. די טאָכטער פלעגט מיט דריבנע טריט צוגיין צו אים, אים אַ גלעט טאָן די האָר און שטיל אַ זאָג טאָן: „פאַרגיב איר, הערי. זי איז אַלט, זייער אַלט. מאַלע וואָס זי זאָגט, אַ נאַרישע יידינע, אַ נאַרישע". נאָך דעם פלעגט דער גאַנצער שאָפּ

ווערן פֿאַרפֿרוירן. מען האָט נאָר געקאָנט הערן דאָס געררויש פֿון די מאַשינען, און דאָס קלאַפּן פֿון די אייזנס. די האַרציקע מאַמע פֿלעגט דעמאָלט אָנטאָן דעם שוואַרצן שאַל, זיך אַרויסרוקן פֿון שאַפֿ איינע אַליין און אַראָפּקריכן די טונקעלע שטיגן.

ווען די מאַמע איז געקומען אַהיים, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם וויג־שטול און אַרויסגעקוקט צו דער בלינדער וואַנט פֿון דעם אַנדערן הויז. זי איז געזעסן אַ פּאָר מינוט ווי פֿאַרשטיינערט. מיט אַמאָל האָבן טרערן אָנגעהויבן רינען איבער אירע באַקן. גערונען איבער די בראָדעווקעס צו די ווינקלען פֿון מויל. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. מיט אַ מאָל פֿלעגט זי אַרויסשפּרינגען פֿון שטול, פֿאַרקוועטשט די פֿויסטן און זיך צעשריגן אין פּוסטן חדר: „זאָלן זיי געהרגעט ווערן, די האָלידריגעס! איך וועל זיי ניט לאָזן אומברענגען מיין בענדזשאַמין! איך וועל ניט לאָזן".

אַ פּאָר סעקונדעס איז רעזניק געזעסן פֿאַרטראַכט און אַרויס־געקוקט דורך דעם פֿענצטער אויף דער פֿערציקסטער גאַס. זיין פּנים צעאַקערט פֿון קנייטשן, די מידע אויגן פֿאַרטונקלט פֿון פּראַצע ביי דער מאַשין, און געזען האָט ער זיין גאַנץ לעבן, וואָס איז פֿאַרלוירן געגאַנגען אין דעם שטויב פֿון שאַפּ. „יאָ, אַמאָל איז געווען! — יוגנט, האָפֿענונג, באַפֿרייאונג. איצט איז מער ניטאָ: אַמאָל איז געווען! איצט אַראָפּ פֿון יאַריד. די יאָרן זיינען פֿאַרשוואונדן, זיך דורכגע־זיפּט ווי זאַמד דורך די פֿינגער. איצטער דערציילט ער מיר אַ מעשה פֿון פֿאַרלוירענע טעג. יאָ, יאָ, אַזוי איז אַמאָל געווען.

איר וועט מיר אַנטשולדיקן פֿאַר מיינע געדאַנקען, וועלכע מישן זיך און פּלאָנטערן זיך. — אַזוי, מיין פֿריינט, איז אַוועק טאָג נאָך טאָג. מיר זיינען פֿאַרזונקען געוואָרן אין שפּינוועבס. די מאַשינען האָבן זיך געדרייט, די נאָדל האָט געשטעפּט זיידענע קליידער, דער שוואַרץ יאָר ווייס פֿאַר וועמען. דאָס לעבן איז געוואָרן שווערער. האָבן מיר, די אַרבעטער, ניט געקאָנט אָנקוקן איינער דעם אַנדערן. די טעג האָבן זיך געצויגן ווי פּעך. עס איז ניט געווען קיין לעבעדיקע שטימע אונדז צו טרייסטן. די צייט איז געווען שלעכט און עס איז ניט געווען אַפֿילו וואו צו אַנטלויפֿן. מיר זיינען פֿאַרפֿרוירן געוואָרן אין אומעט, אין פֿאַרצווייפֿלונג.

פֿאַרגעסט זיך ניט, אַז איך בין געווען „אַ פֿריינט" פֿון די אַב־רוטסקיס. איך פֿלעג אַריינקומען אין זייער הויז פֿון צייט צו צייט,

בענדזשאַמין איז אויך ניט געווען קיין באַוויבטער, האָט ער גע־וואוינט מיט די עלטערן. זשעני מיט איר מאַן האָבן זיך נאָך ניט אַרויסגעצויגן. איך האָב זי נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן. — נו, פלעג איך קומען אַהין פון צייט צו צייט. אָבער איך האָב געפילט, אַז עס וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן. איך האָב געוואוסט, אַז איך בין ניט קיין אָנגע־לייגטער גאַסט, און די לופט פאַר מיר איז ניט געווען קיין גוטע.

בענדזשאַמין פלעגט מיך באַגעגענען ביים טיר און אַזוי אַ זאָג טאָן: „אָט גייט דער גרויסער פאַרדינער! רעזניק, מיין פריינט, דו האָסט באַדאַרפט גיין צום דאָקטער. אפשר קען ער דיר עפּעס העלפן צו דיינע בלייענע פינגער.״

דזשעני פלעגט ווערן אין כעס און זיך צעשרייען: — „פאַרוואָס לאָזט דו אים ניט צורו! וואָס טרייבסטו מענטשן פון הויז. ווי דער־לעב איך שוין אַרויסצוקריכן פון דאַנען!״

דאָ איז די מאַמע אַרויסגעקומען מיט איר פּיסקעלע. — „וואָס מישסטו זיך אַריין, דזשעני. דו צאָלסט רענט, צאָלסטו? ווען ניט בענדזשאַמין, וואָס וואָלט געוואָרן פון אונדז? דיין טאַטע, דער גרוי־סער פאַרדינער, וואָלט אונדז פאַרזאָרגט״.

נאָך דעם איז אין הויז געוואָרן שטיל ווי אין אַ קבר. דער מאַן האָט אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ און פאַרמאַכט ווייטיקדיק די אויגן. דער איידעם איז שנעל אַוועק אין זיין חדר. נאָר בענדזשאַמין, דער קליינער פּיפּערנאָטער, האָט זיך צעשמייכלט. זיינע גרינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן און ער האָט אַ זאָג געטאָן: — ׳נעם זיך ניט צום האַרצן פון זיי, מאַמע. זיי וועלן אַלע קראַפּירן, זיי וועלן מיין געלט ניט קריגן.״

די נייעס, אַז די יוניאָן טוט אָרגאַניזיר־אַרבעט, האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין שאַפּ. בערל, דער הויכער פּרעסער, איז געווען דער ערשטער צו ברענגען די נייעס. — ׳איך האָב אַליין געזען, האָט ער זיך צעהיצט; דער ׳לייבאָר טעמפּל׳ איז איבערגעפּאַקט. מען שלעפּט שעפער, מען האָט פאַרזאַמלונגען און מען ׳פּיקעט׳. די בעלי בתים נעמען איין אַ כאָלערע! עס ציטערט אויף זיי די פעל. שוין צייט, שוין צייט״.

בענדזשאַמין האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, צוגעלאָפן צו בער־לען און האָט ברוגזדיק אַ פרעג געטאָן: — „וואו האָסטו דאָס גע־

הערט, אַוואו?' אַלע שווערע הערצער ווייסטו. אויב דיר געפעלט ניט דאָ קאָנסטו גיין! אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה. יעדער איינער קען געהרגעט ווערן געזונטערהייט. ביי מיר וועט ניט זיין קיין יונקע! ניט ביי מיר, האַלעדריגעס! ניט ביי מיר!"

אָבער דער שאַפּ איז געוואָרן אָנגעפילט מיט מורא. עס האָט זיך געפילט, אַז די שטילקייט איז פאַר אַ שטורעם. בענדזשי האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן די טירן. ער איז ניט געווען מער דער זעלבער מענטש. ער האָט זיך אַרומגעדרייט נערוועזיש און האָט אויף קיינעם ניט געקוקט. זיין ברודער, סעם, האָט זיך איבערגעוואונקן מיט מיר, און זיינע אויגן זיינען געווען העל און דערוואַרטנדיק. די גאַנצע שטימונג אין שאַפּ איז געווען, אַז עפּעס גרויסעס גייט פאַסירן, און יעדע מינוט איז געווען אַזוי לאַנג, ווי דער יידישער גלות.

טאָג נאָך טאָג איז אַוועק און עס האָט גאָרניט געטראָפן. מיר האָבן שוין באַלד אויפגעגעבן די האָפענונג, ווען פּלוצלונג האָט עס פאַסירט.

עמעצער האָט אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן אין טיר. מיר האָבן אַלע אָנגעשטעלט די אויערן. די מאַמע איז שיר ניט אַרויסגעשפּרונ־גען פון שטול. בענדזשאַמין האָט געכאַפּט אַ שטיק אייזן, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעגרייט. בערל, דער פּרעסער, האָט אויפגעהערט אַרבעטן. דער ברודער סעם האָט מיר אַ צי־געטאָן ביים אַרבל, גע־קוקט אויף מיר, און זיינע ליפּן האָבן געציטערט. נאָר באַלד האָבן מיר דערפילט ווי מען וואַלט אונדז אָפּגעגאָסן מיט אייז־קאַלטע וואַ־סער. — דער פייער־דעפּאַרטמענט. — האָט זיך געטראָגן פון איין מויל צום אַנדערן. — ווען בענדזשאַמין האָט געעפנט די טיר, איז ער געבליבן שטיין געפּלעפט: — עס איז ניט געווען עפּעס אַנדערש ווי די יוניאָן־קאָמיטע, וועלכע איז געקומען אָפּשטעלן דעם שאַפּ!

„וואָס זאָל איך אייך זאָגן, יונגערמאַן, איך וועל דאָס אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן.

בענדזשאַמין האָט זיך געכאַפּט צום שטיק אייזן און עמעצער האָט דאָס אַרויסגעריסן פון זיינע הענט. די מאַמע איז ווי משוגע געוואָרן און געשריגן ווי אַ ווילדע: פאָליס! פאָליס! שוים האָט איר געראָנען פון די ווינקלען פון מויל. זי האָט זיך געכאַפּט שלאָגן אַ קאָמיטעמאַן. ער האָט זי אַ שטופּ געטאָן און זי איז אַוועקגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. אירע געשרייען זיינען נאָך געוואָרן העכער. —

זיי האָבן זי דערהרגעט! מערדער! מערדער. — מיר זיינען שוין אָבער געווען אויף די שטיגן און געלאָפן שנעל אַרויס אין גאַס. אַרום צען מינוט שפּעטער האָבן מיר מיט מזל דערגרייכט צום זאַל, פון וואַנען דער סטרייק איז אָנגעפירט געוואָרן.

* * *

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, יונגערמאַן, עס איז געווען אַ ביטערע צייט. מיסטער בענדזשאַמין אַברוטסקי איז געווען איינגעשפּאַרט ווי אַן אייזל. שטונדן לאַנג פלעגט ער שטיין ביי דער טיר אין דרויסן און לאַכן מיט זיינע גרינע אויגן. ער איז געוואָרן מער אויסגעדאַרט און די האָר, טרוקענע, פלעגן שטיין ווי פּרענטלעך אויף זיין קאָפּ. די מאַמעלע, אַ בראָך אין אירע ביינער, איז אויך געווען דאָרטן. איר מויל האָט זיך ניט פאַרמאַכט פאַר אַ מינוט. אירע קללות זיינען געווען אויסטערלישע. און ווען איינער פון אירע סטרייקנדיקע זין פלעגן פאַרבייגיין, פלעגט זי שפּייען און שעלטן ווי אַ מכשפה.

איך וויל אייך ניט דערציילן די גאַנצע היסטאָריע פון סטרייק. דאָס וועל איך שוין טאָן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. איך וויל נאָר זאָגן, אַז דאָס וואָס איך גיי אייך דאָ דערציילן איז דער עיקר פון דער געשיכטע. מיר זיינען געווען ניין און צוואַנציק וואָכן אין דרויסן. בענדזשאַמין איז געווען איינגעשפּאַרט ביזן סאַמע סוף. ביז די קרעדי־טאָרן האָבן פאַרמאַכט די טירן אָן אַ צעבראָכענעם גראָשן.

דאָס איז שוין געווען דער לעצטער טאָג. עס איז געווען אין אַ פרימאָרגן. אַלע אַרבעטער זיינען געווען אַרום דעם שאַפּ. מיר האָבן שוין געוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט. כאָטש מיר זיינען געווען אויס־געמאַטערט און פאַרהונגערט, האָבן מיר זיך דאָך געפילט ווי די זיגער. אַברוטסקי איז געשטאַנען ביים טיר, אָבער ער האָט מער ניט, געשמייכלט. ער האָט געקוקט מיט האַס אויף אונדז אַלעמען, און דערהויפּט אויף זיינע ברידער. די מאַמע האָט געוויינט און גע־שאָלטן. — שטיינער האָב איך געדאַרפט טראָגן, ניט אַזעלכע קינ־דער! וואַרום, גאָטעניו, האָסטו מיך אַזוי געשטראָפט, אַז מיין אייגן בלוט און פלייש זאָלן זיין מיינע מערדער? גאָטעניו, פאַרגיב זיי ניט פאַר דעם; זאָלן זייערע קינדער זיי מאַטערן, ווי זיי מאַטערן מיך".

אָבער דאָס שפּיל איז געווען פאַריבער. מיסטער ב. אַברוטסקיס סוף איז געקומען. ניט קיין געלט, ניט קיין וועלט. אויס!

די קרעדיטאָרן האָבן איבערגענומען די פאַבריק דעם זעלבן טאָג. אַלץ האָט געדאַרפט פאַרקויפט ווערן. מיר האָבן באַשלאָסן צו פּיקעטן ביז דער לעצטער מינוט. בענדזשאַמין איז געשטאַנען ביים שוועל פון דער טיר און די מאַמעלע האָט ניט פאַרמאַכט איר פּיסק. זי האָט געגאָסן פּעך און שוועבל אויף אַלעמען, דערהויפּט אויף אירע קינדער. זי האָט אויסגעקוקט האַלב משוגע מיט אירע ניט־פאַרקעמטע האָר און אין דער קלייד וואָס איז געווען לענגער פון איר.

פלוצלונג האָט זי געגעבן אַ ווילדן געשריי, און איידער מיר האָבן באַגריפן וואָס עס פּאַסירט, האָבן מיר געזען איר זון, סעם, אויפן טראָטואַר. בלוט איז גערונען פון זיין פּנים, און די מאַמע מיט אַ שטיק האָלץ, האַקנדיק אים איבערן קאָפּ און קוויטשענדיק ווי אַ ווילדע. מיר האָבן זי קוים אַוועקגעריסן. זי איז געבליבן ליגן אויפן טראָטואַר, מיטן פּנים אַרונטער, און האָט געקלאַפּט מיט אירע פויסטן אין די שטיינער.

מען האָט געבראַכט וואַסער און מיר האָבן אָנגעהויבן אַרומוואַשן דאָס בלוט פון סעמס פּנים. שפּעטער אַביסל האָט מען אים אַוועקגענומען אין אַ שפּיטאָל. בענדזשאַמין אַברוטסקי איז געשטאַנען ביים טיר די גאַנצע צייט און זיך ניט גערירט פון אָרט. זיינע אויגן זיינען געווען פאַרגלעזערט, די סליונע האָט גערונען פון די ווינקלען פון זיין מויל. אָבער פלוצלונג האָט ער זיך אויסגעדרייט צום טיר, זיך אָנגעשפּאַרט אָן די שטיינער און אָנגעהויבן כליפּען״.

# שטעטל, מיין שטעטל

די פענצטער זיינען געווען פאַרשנייט און פאַרפרוירן. מען האָט גאָרניט געקאָנט זען וואָס ס'טוט זיך אין דרויסן. עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. די קינדער זיינען שוין געשלאָפן. איך אַליין בין נאָך געווען אויף און געקוקט אויף דער מאַמען, אָנגעטאָן אין דער דיקער, וואַרעמער פאַטשיילע. זי האָט יעדע פּאָר מינוט געעפנט די טיר און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. אַן אייזיקער ווינט האָט זיך אַריינגע־ריסן אין חדר און מיט שניי באַדעקט די פּאָדלאָגע.

די מאַמע האָט גערעדט צו זיך אַליין: „ער מוז גיין כאַפּן פיש! קאַלט אָדער וואַרעם! ווינטער אָדער זומער! ער פאַרקירצט מיר די יאָרן. גאָטעניו, וואָס וויל ער פון מיין לעבן!" דאָס וואָיען פון ווינט האָט זיך געריסן דורך דעם קוימען, געלאָשן דעם קעראָסין לאָמפּ און די שאָטנס האָבן געציטערט אויף די ווענט. די מאַמע האָט גע־כליפּעט מוראדיק: „גאָט, וואָס האָט פּאַסירט?" האָט זי גערעדט מיט אַ פאַרשטיקטן קול: „גאָט ווייס!"

דאָס האַרץ האָט מיר וויי געטאָן פאַר דער מאַמען. זי האָט דעם טאַטן שטאַרק ליב געהאַט, געציטערט איבער אים ווי איבער אַן איינציק קינד. איך האָב געציטערט פאַר שרעק. גאָט זאָל אויסהיטן, אַז עפּעס זאָל פּאַסירן מיטן טאַטן. אַ סך פּופּיקלעך זיינען געווען אין הויז. קינדער ווי ציגן. איינער קלענער פון אַנדערן. איך בין געווען דער איינציקער וואָס האָט געזען די וואַסערן פון „האַרצן". דער טאַטע האָט מיך מיטגענומען מיט זיך איין נאַכט. איך בין אַלט געווען אַ יאָר ניין. דער עלטסטער פון אַלע קינדער. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז עס איז שוין צייט. אַנטאָן וועט מיטנעמען ביאַנקאַן און איך וועל ניט זיין אַליין.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די זומער־נאַכט. אַ ווייס־בלויער הימל. אַזוי פיל שטערן. מען האָט געהערט דאָס קלאַפּן פון וואַסער

אין ברעג. עס איז געווען אַזאַ שטילקייט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אָפּגעשטאָרבן. עס איז געווען אַ מורא צו אָטעמען. ביאַנקא האָט אָנגעזאַמלט אַ באַרג מיט טרוקענע צווייגן און געמאַכט אַ פייער. דער טאַטע און אַנטאָן זיינען אַריין אין שיפל און אין אַ פּאָר מינוט זיינען זיי פאַרשוואונדן אין די ווייטקייטן. איך האָב פּרובירט הערן דאָס קלאַפּן פון די וויעסלעס, אָבער אַלץ איז געווען ווי אַ פאַרפרוירענער אָטעם. אַ גרוילעכע שרעק איז געקראָכן אין די ביינער.

ביאַנקא איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר. אַ חוץ דעם איז ער געווען הויך, שטאַרק און שווייגנדיק. זיינע האָר לאַנגע, ווי ביי אַ מיידל. דערצו איז ער געווען אַ גרויסער שווייגער און פלעגט קוקן גלאַט אין דער וועלט אַריין. דו האָסט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער שלאָפט מיט אָפענע אויגן. אין דער נאַכט איז ער געווען רעדעוודיק. ער האָט אַ זאָג געטאָן: „אַ פאַסקודנער לעבן! וואָס ווייסטו, מייערקע, וואָס ס'האָט היינט פּאַסירט! אין דער פרי האָבן מיר געהערט דאָס מרוקען פון דער ראַבער בהמה. מיר האָבן געוואוסט, אַז עס איז צייט פאַר איר געבוירן אַ קעלבל. עס איז געווען מוראדיק צו הערן אירע געשרייען. איך און דער טאַטע האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן און געלאָפן צום שטאַל. עס איז נאָך געווען פינצטער אין דרויסן. די לאַמטערנע האָט קוים באַלויכטן דעם וועג. ווען מיר האָבן געעפנט די טיר האָט מיך אַ שרעק אַרומגעכאַפּט. דאָס קעלבל איז שוין געווען האַלב אין דרויסן. נאָר עפּעס האָט פּאַסירט און זי האָט ניט געקאָנט פאַרלאָזן דעם בויך פון איר מאַמע. עס איז געווען ווי עמעצער וואָלט איר געהאַלטן מיט אייזערנע צוואַנגען. און ווען דער טאַטע, מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס האָט איר אַרויסגעשלעפּט, האָט די ראַבענקע געגעבן אַ מאו־ו־ו און געבליבן ליגן אַ פאַרגליווערטע, אַ שטילע, ווי דער טויט. נאָר דער בויך האָט זיך ביי איר געוואָרפן. דער טאַטע האָט געאַרבעט איבער איר שטונדן. שוויס האָט באַדעקט זיין גאַנצן קערפּער, אָבער, ער האָט איר געראַטעוועט”.

מיר זיינען געזעסן שווייגנדיק און האָבן זיך איינגעהערט צו יעדן שאָרך, וואָס איז געקומען פון טייך. עס איז געווען אַ מוראדיקע שטילקייט. די נאַכט איז געווען פול מיט שטערן. דער הימל, אַ העל־בלויער, אַ דורכזיכטיקער, ווי דו וואָלסט געקאָנט דערגרייכן צו זען די ענדע פון אַלץ וואָס אַ מענטשלעד אויג קען זען. ביאַנקא איז נאָך אַלץ

געזעסן האַלב־דרימלענדיק — האַלב־וואַך. פּלוצלונג, האָט ער גע־עפנט די אויגן און שטאַרק אַ קוק געטאָן אויף מיר.

— „מייערל? קענסט מיר אפשר זאָגן וואָס טוט זיך אין די הימ־לען? איך מיין ניט דאָס, וואָס דו קענסט זען מיט די אויגן; איך מיין העכער! העכער! דער טאַטע זאָגט, אַז יעזוס איז אין די הימלען — אַז יעזוס האָט דאָרטן אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ. אָבער, איך מיין, אַז דאָרטן מוז זיין עפּעס אַנדערש. קיין זאַך איז ניט וואָס עס דוכט זיך אויס. אומעטום איז עפּעס אַנדערש!"

דאַנקען גאָט, מיר זיינען געפאָרן אַהיים. קיין סך פיש האָבן זיי די נאַכט ניט געכאַפּט. דאָס וואַסער פון טייך איז געוועזן צו שטורמיש. אַנטאָן האָט געטריבן די פערד. דער טאַטע האָט געדרימלט. ביאַנקא האָט, ווי זיין שטייגער, געשוויגן און געקוקט אין דער פינצטערניש. די פערד האָבן זיך ניט געיאָגט און געשלעפּט זיך אויף דעם זומער־דיקן וועג. אַ ווינטל האָט געשאָקלט די ביימער.

די מאַמע איז געזעסן ביים פענצטער און געוואַרט אויף אונדז. דאָס קעראָסין לעמפּל האָט געצאַנקט. איך האָב זיך שנעל אויסגעטאָן, אַריינגעשפּרונגען אין בעט און פאַרמאַכט די אויגן. די מאַמע האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער מיר, אַ פּאָר מאָל אַ גלעט געטאָן דעם קאָפּ, אַ קוש געטאָן מיך אויף דער באַק, און האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: „שלאָף געזונטערהייט, זונעניו! שלאָף געזונטערהייט." איך בין גע־לעגן שלאָפלאָז אַ לאַנגע צייט און געטראַכט וועגן ביאַנקאַן: יאָ, עפּעס מוז דאָרטן זיין אין הימל. עפּעס מוז דאָרטן זיין.

עס גרויט שוין אין דרויסן און דער טאַטע איז נאָך אַלץ ניטאָ. די קינדער שלאָפן און חלומען גאָט ווייס וואָס. איך בין דער עלטס־טער, פאַרשטיי אַ ביסל מער, אַ שרעק גריזשעט מיינע ביינער. די מאַמע קוקט אַרויס דורכן פענצטער, די קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין דער שויב. אַ ווינט בושעוועט און די פענצטער קלאַפּן מוראַדיק. דער קעראָסין לאָמפּ פאַרשפּרייט שאָטנס אין הויז און איך ליג איינגעדעקט און האָב זיך מורא צו רירן. איך הער דאָס קלאַפּן פון מיין אייגן האַרץ. איך פיל ווי צו וויינען, נאָר איך שעם זיך פאַר דער מאַמען. אַ שטימע טראָגט זיך ערגעץ צו די הימלען: „טאַטע, וואו ביסטו? טאַטע וואו ביסטו?"

פאַרטאָג איז דער טאַטע געקומען אַהיים. איך האָב ניט געוואָלט הערן וואָס ס'האָט פּאַסירט. איך האָב זיך איבערן קאָפּ מיט דער קאָל־

דרע צוגעדעקט און געציטערט. דער טאַטע האָט גערעדט שטיל. די מאַמע האָט געכליפּעט. איך האָב ניט געוואָלט הערן, אָבער ווערטער האָבן ווי אַ דונער דערגרייכט מיין האַרץ. איך האָב געהערט, אַז דאָס שיפל האָט זיך איבערגעקערט און, אַז אַנטאָן — ביאַנקאַס פאָטער — איז דערטרונקען געוואָרן. אַז אַלץ וואָס דער טאַטע האָט געקאָנט טאָן האָט ער געטאָן. אַנטאָן איז געזונקען ווי אַ שטיין, כאָטש דער טאַטע איז עטלעכע מאָל אַרונטער צום אָפּגרונט, האָט ער אים ניט געקאָנט געפינען. דאָס וואַסער וועט פרירן און מען וועט גאָרניט קענען טאָן ביז פרילינג.

די מאַמע האָט געכליפּעט און געהאָלפן דעם טאַטן אַרונטער־נעמען די נאַסע קליידער. זי האָט פון אים אַרונטערגעשלעפּט די שטיוול און אים איינגעוויקלט אין עטלעכע קאָלדרעס. איך האָב גע־הערט ווי זי וואַרפט אַריין פרישע האָלץ אין אויוון און שטעלט צו הייסע וואַסער. דער טאַטע האָט ניט געקאָנט איינליגן אין בעט: „אָרעמער אַנטאָן!", האָט ער גערעדט צו זיך אַליין. „וואָס וועט ווערן פון ביאַנקאַן, מאַריושאַן — זיין מאַמע? און ווי קאָן ער איר פאַר־גיטיקן פאַר איר מאַן, נאָר גאָט וויים!"

מאָרגן זיינען מיר אַלע געגאַנגען אויף דעם דערפל צו מאַריושאַן און ביאַנקאָן. אַ קליין הויז מיט אַ שטרויענעם דאַך, קליינינקע פענצ־טער. אַ ווייס־זאַמדיקע סטעזשקע האָט געפירט צום הויז. פון איבע־וויניק האָט מען ניט געהערט קיין שאָרך. אַלץ איז געווען אויסגע־האַקט פון גליווער. די ביימער און פעלדער אַרום הויז האָבן געאָטעמט מיט ווינטער און קעלט. מאַריושא האָט אונדז אָנגעקוקט און גאָרניט געזאָגט. נאָר ווען די מאַמע איז צוגעגאַנגען צו איר, איר אַרומגענומען און צוגעדריקט צום האַרצן, האָט זי זיך צעכליפּעט. דער טאַטע האָט געגלעט די באָרד און דערנאָך געווישט די אויגן.

ביאַנקא איז געזעסן אַ שווייגנדיקער מיט זיין פּלייצע אָנגע־שפּאַרט אין דער וואַרעמער הרובע. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. נאָך אַ פּאָר מינוט שווייגן, האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן: „עס טוט מיר וויי וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דיין טאַטן. איך האָב אַ ווייטיק אין האַרצן, ביאַנקאַ! זאָג מיר, 'דרוג מאָי', וואָס קען איך טאָן?"

ביאַנקא האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל: „דו קאָנסט גאָרניט טאָן, מייערשע. ער איז געווען אַ גוטער טאַטע, ניט

געשלאָגן, ניט געבייזערט זיך, האָט ליב געהאַט אַ סך צו רעדן. ער איז געווען ווי אַ לאַכנדיק וואַסער וואָס פליסט אין די ווייטע ווייטן. ער וועט מיר אויספעלן, ברודערל!״

אַז מיר האָבן פאַרלאָזן זיין הויז, איז די מאַמע אַוועק אַהיים. איך און דער טאַטע זיינען אַוועק צו אונדזער ווינטמיל, וואָס איז געווען אויסער אונדזער שטעטל. עס איז געוואָרן אַ מילדער טאָג. דער שניי האָט זיך געשמאָלצן. ריטשקעס וואַסער ווי טראָפּנס גאָלד האָבן זיך געשפּיגלט אין דער זון. דער טאַטע האָט גערעדט גלאַט אין דער וועלט אַריין: „גיי ווייס גאָטס וועגן? וואָרום האָט עס געדאַרפט טרעפן אַנטאָגען? ער איז געווען אַזאַ ליבינקער — אַ פליג ניט געטשעפּעט. גאָט זאָל זיך כאָטש דערבאַרעמען אויף אים און אים נעמען צו זיך. גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען!״

דער וועג האָט זיך געצויגן דורך אַ פעלד. פוןביידע זייטן גויישע הייזקעס. די ווינטער־זון האָט געשיינט ווי אין אַ פרילינג־טאָג, זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם שניי, אויף די שטרויענע דעכער און אויף די לאָנקעס, וועלכע זיינען ניט געווען פאַרפרוירן. די הינט, וועלכע זיינען געווען לעבן יעדן הויז, האָבן פריינדלעך געדרייט מיט די עקן, נאָכגעלאָפן דעם טאַטן און געשמעקט זיינע שטיוול. פערד האָבן זיך געזוניקט און האָבן געגריזשעט ווינטערדיקע גראָז פון אונטער דעם צעגאַנגענעם שניי. בהמות האָבן זיך געזוניקט מיט פאַרזשומערטע אויגן. נאָר דער טאַטע איז געווען ווי אין אַ חלום. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער ווייס ניט אין וואָס פאַר אַ וועלט ער איז.

די מיל איז געווען אַ רויט־געפאַרבטע, נאָר שניי און רעגן האָבן אַרונטערגעוואַשן די פאַרב. עס איז מער ניט געבליבן ווי רויטע און גרויע פלעקן. צוויי פון די פליגלען זיינען אַרונטערגעהאַנגען ווי מידע אָרעמס. די אַנדערע צוויי האָבן געהויערט אין די וואָלקנס ווי זיי וואָלטן זיך געריסן צו די הימלען, אָדער גאָר גאָט געבעטן! די זון האָט זיך באַהאַלטן הינטער גרויע וואָלקנס. די פעלדער אַרום דער מיל זיינען געווען נאַס און אומעטיק. דאָס ווינטל איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן און די לופט איז געווען פאַרגליווערט און אָנגעלאָדן מיט אומעט.

דער טאַטע האָט זיך לאַנג ניט געזאַמט. מיר זיינען געגאַנגען צוריק אַהיים. דער טאַטע האָט מיך אָנגעקוקט. אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל, אָבער, ער האָט גאָרניט געזאָגט. איך האָב אים

געוואָלט פרעגן אַ סך פראַגן, געוואָלט וויסן צי אַנטאָן וועט גיין אין הימל? געוואָלט וויסן וואָס ס'וועט ווערן מיט ביאַנקאַן און זיין מאַ־מע? געוואָלט וויסן וואָס ס'וועט ווערן פון די קליינוואַרג, וואָס זיינען פאַרבליבן אָן אַ טאַטן? געוואָלט וויסן וואַרום גאָט האָט אַזוי געטאָן? עס איז עפּעס ניט געווען קיין גערעכטיקייט אין דעם אַלעמען! מיין יונג האַרץ האָט דאָס אַלץ ניט געקאָנט באַנעמען.

ווען מיר האָבן דערגרייכט דאָס שטעטל, איז שוין געווען אָוונט. מיר זיינען אַריין אין דער קאַלטער שול דאַווענען. די שול איז געווען אַזוי הויך, אַז מען האָט קוים געקענט זען די סטעליע. לאָמפּן זיינען אַרונטערגעהאַנגען פון בראָנזענע קייטן. די ווענט זיינען געווען גע־פאַרבט אין גרויען. די יידן זיינען געשטאַנען איינגעקאָרטשעט פון קעלט. דער חזן האָט געשלונגען די ווערטער און זיך געוויגט הין און צוריק, זיך געשאָקלט ווי אַ לולב. זיינע אויגן זיינען געווען צוגע־מאַכט ווי ער וואָלט זיך געשראָקן זיי צו עפענען און דערזען גאָטס פּנים.

מיר איז געווען קאַלט און פינצטער אין מיין קינדערשן האַרץ. איך האָב געזען דאָס געשטאַלט פון אַנטאָנען, געהערט דאָס געוויין פון ביאַנקאַן, געזען דעם טייך מיט די רוישיקע וואַסערן, זיך געוואונ־דערט וואַרום מענטשן מוזן שטאַרבן? עפּעס איז מיר ניט געווען קלאָר אין קאָפּ וואַרום דאָס אַלץ מוז געשען? ניט געקאָנט פאַרשטיין דעם באַרעמהאַרציקן גאָט.

מיר זיינען געגאַנגען אַהיים ווען די שטערן זיינען שוין געווען אין הימל. די גאַס פאַרהוילט אין שווייגן. די גלעקער פון די קלויסטערס האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן קלינגען. אין מיר האָבן די קלאַנגען אַלע מאָל אַרויסגערופן אַ שרעק! עס האָט מיך דערמאָנט אָן דעם בלוטיקן פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל ווען איך בין אַלט געווען פינף יאָר. יידישע ווייבער מיט צעריסענע קליידער. יידן מיט פאַר־בלוטיקטע פּנימער. קינדער צעשראָקענע קלאָגן אויף דעם אומגליק און קאָרטשען זיך מיט גרויל. דערנאָך, האָט די שרפה צעשטערט יידיש האָב און גוטס און האָט איבערגעלאָזן האָלעוועשקעס פון הייזער.

ווי אַלעמאָל, האָט די מאַמע געוואַרט ביים פענצטער. זי האָט זיך אייביק געזאָרגט, טאָמער וועט עפּעס פּאַסירן מיטן טאַטן. זי איז געווען אייביק פאַרליבט אין אים. דאָס קליינוואַרג האָבן געמאַכט אַ טומל ווען זיי האָבן דערזען דעם טאַטן, אַז איך האָב געמוזט פאַר־שטאָפּן די אויערן. אָבער, דאָס האָט מער ניט געדויערט ווי אַ מינוט.

זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז עפּעס אַנדערש! דעם טאַטנס פּנים איז געווען שאַטנדיק. ער האָט געטרונקען די טיי אַ שווייגנדיקער און מיט די עלנבויגנס זיך אָנגעשפּאַרט אין טיש.

די קינדער זיינען שוין געווען פאַרטיק צו גיין שלאָפן. זיי האָבן געקוקט אויפן טאַטן און געוואַרט אויף אַ מעשה, וואָס ער פלעגט אונדז דערציילן יעדער נאַכט פאַרן שלאָפן גיין. מיט גרויס דערוואַרטונג פלעגן מיר וואַרטן אויף דעם. מיר אַלע זיינען געזעסן אויף דעם לאַנגן טאַפּטשאַן, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער וואַרעמער הרובע. אין דרויסן האָט געשנייט, די פענצטער זיינען געווען פאַרדעקט מיט ווייסן זילבער. אַ שטורעם האָט געבושעוועט און אַ ווינט האָט געוואָיעט דורך דעם קוימען. מיר זיינען אַלע געזעסן און האָבן געוואַרט. נאָר דער טאַטע האָט געקוקט מיט בלינדע אויגן גלאַט אין דער וועלט אַריין. די מאַמע האָט אַלץ באַמערקט, צוגעגאַנגען צום טאַטן און אַ זאָג געטאָן: „יצחק, די קינדער וואַרטן אויף דיר. זיי וואַרטן...״ ער האָט אַ בלייכן שמייכל געטאָן, אַ קוק געטאָן אויף אונדז און מיט שווערע טריט אַריבערגעשפּאַנט דאָס הויז.

מיר זיינען געלעגן אין דער גרויסער בעט צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. דאָס קליינוואַרג איז שוין פון לאַנג געשלאָפן אין אַ באַזונדער חדר. דער טאַטע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם גרויסן שטול מיטן פּנים צו אונדז און דאָס קעראָסין־לעמפּל האָט מיט דער מאַטער שיין באַלויכטן זיין צעקנייטשטן שטערן. ווי אַלע מאָל, האָט ער פאַרמאַכט שטיף זיינע אויגן. זיינע ליפּן פאַרשטייפט, ווי זיין גאַנצער קערפּער וואָלט געווען פאַרשטיינערט. מיטאַמאָל האָט ער געעפנט די אויגן, אַ שמייכל געטאָן און זיין באָרד האָט זיך צעשטראַלט ווי ער וואָלט באַקומען אַ באַזונדער לעבן — ליכטיק און פריידיק.

„עס איז געווען זייער לאַנג צוריק״, האָט ער אָנגעהויבן, „אַזוי פיל יאָרן האָבן אַוועקגעשטראָמט אין דער אייביקייט, ווי די וואַסערן פון טייך, וועלכע פליסן אייביק און שטעלן זיך קיינמאָל ניט אָפּ.

עס איז געווען אַ ביטערער ווינטער. טאָג־איין, טאָג־אויס, זאַווערוכעס. דיביימער פאַרפרוירן און פאַרשנייט. דער הימל פאַרוואָלקנט און מען האָט זעלטן געזען די זון. עס האָט זיך געדוכט, אַז אַזוי וועט שוין אייביק זיין! אַז די פעלדער וועלן אייביק באַדעקט

זיין מיט שימערירנדיקן שניי און מען וועט קיינמאָל ניט זען די נאַקעטע ערד! אַז אַלץ וועט בלייבן אַזוי אייביק.

אָבער, איין טאָג האָט זיך באַוויזן די זון און אַלץ האָט געבליש־טשעט מיט אַ זילבערנער ווייסקייט. דער שניי האָט זיך געשמאָלצן און ריטשקעס וואַסער זיינען געווען אומעטום. די ערד איז נאָך געווען צו האַרט און פאַרפרוירן דאָס וואַסער זאָל דרינגען אין איר בויך. די קינדער האָבן זיך באַוויזן אין גאַס, זיך געשפּילט און אַרומגעלאָפן ווי ווילדע קאַטשקעס. דיביימער האָבן גערעגנט מיט טראָפּנס גאָלד. די בהמות האָט מען אַרויסגעלאָזן אויפן פעלד און זיי האָבן זיך גע־זוניקט און פון אונטער דעם שניי געגריזשעט דאָס גרינע גראָז. איך מיט בערלען, דעם שניידערס זון, האָבן באַשלאָסן גיין אויף אַ שפּאַ־ציר אין וואַלד און זען וואָס די חיות טוען. מיר האָבן קיינעם ניט דערציילט. מיר האָבן אָנגעטאָן הויכע קאַלאָשן איבער די שטיוול, און מיט אַ זייטיקן וועג אַוועק אין וואַלד.

הויכע, מוראַדיקע ביימער, וועלכע פאַרשטעלן דעם הימל, וואָרצ־לען, פלאָנטערן זיך איינע אין די אַנדערע. בערל איז געווען צע־שראָקן. די מוראדיקע שטילקייט, די לאַנגע שאָטנס, די טונקלקייט, די שרעק, אַז עפּעס לויערט הינטער דיר און דאָס געפיל, אַז דו וועסט שוין אייביק בלייבן דאָרטן, אייביק וואַנדערן און קיינמאָל דעם וועג צוריק ניט געפינען.

בערל האָט זיך געבעטן: „לאָמיר גיין צוריק, לאָמיר גיין וואו די זון איז. די מאַמע וועט ניט וויסן וואו מיר זיינען און וועט זיך זיכער שרעקן!״ אָבער איך בין געווען איינגעשפּאַרט און האָב גע־וואָלט ווייזן וואָס פאַר אַ גרויסער העלד איך בין, און האָב געלאַכט פון אים. „דו קאָנסט גיין, בערעלע! איך האַלט דיך ניט צו, איך קען בלייבן אַליין!״

ער איז געבליבן מיט מיר און מיר זיינען געקראָכן טיפער אין וואַלד. מיט אַמאָל איז די שטילקייט פאַרשוואונדן. די ביימער האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן. זשאַבעס האָבן געקראַקעט. ווילדע פייגל האָבן גערעדט איינע צו דער אַנדערער. דער וואַלד איז געוואָרן פול מיט שטימען. אויבן, ביי די שפּיצן פון די הויכע ביימער, האָט מען געזען, אַז דאָס ביסל ליכט צאַנקט. שווערע שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דעם הימל. איך האָב געפילט, אַז עפּעס פּאַסירט! אַ שרעק האָט מיך אָנגעכאַפּט, און מיין האַרץ האָט זייער שטאַרק

געקלאַפּט. איך האָב געגומען בערלען פאַרן האַנט און האָב אַ זאָג געטאָן: „קום, בערלשע, קום!“ און ווי צעשראָקענע הירשן, זיינען מיר געלאָפן פון וואַלד...

מיר זיינען געלאָפן אין דער ניט־ריכטיקער ריכטונג. מיר זיינען אַריין טיפער אין וואַלד. עס איז געוואָרן אַזוי פינצטער, אַז מיר האָבן שוין גאָרניט געזען. פייער־פליגן האָבן אַביסל באַוויזן דעם וועג וואָס האָט געפירט אין ערגעץ ניט. מיר זיינען געבליבן שטיין און מען האָט ניט געוואוסט וואו צו גיין. בערעלע האָט אָנגעהויבן כליפּן. מיר האָט דאָס האַרץ אַזוי געהאַמערט, אַז עס האָט זיך מיר אויס־געדוכט, אַז עס הילכט אָפּ איבערן גאַנצן וואַלד. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר וועלן קיינמאָל מער ניט זען אונדזער היים; אַז מיר וועלן ערגעץ פאַרפּוילט ווערן אונטער אַ בוים...

אָבער פּלוצלונג האָבן מיר דערזען אַ ליכט, ווי אַ לאָמפּ וואָלט ערגעץ אָנגעצונדן געוואָרן. עס האָט אונדז גענומען אַ האַלבע שעה ביז מיר האָבן דערגרייכט דאָס ליכט. מיר זיינען געשטאַנען אין דרויסן און האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין. אָבער, באַלד איז אַרויס־געקומען אַ קליין מענטשעלע אָנגעטאָן אין גרינע קליידער. ער האָט געהאַלטן אַ לאָמטערנע וואָס האָט פאַרשפּרייט אַ מאַטע ליכט. ער איז געוועזן אַזוי אַלט, אַז זיין פּנים איז געווען ווי אַ צעאַקערט פעלד. נאָר זיינע גרינע אויגן האָבן געלויכטן און געשיינט. „קומט“, האָט ער אַ זאָג געטאָן. מיר האָבן מיט שרעק אין האַרצן אים נאָכגעפאָלגט ביז מיר האָבן דערגרייכט דאָס פעלד, און מיר האָבן דאָרט דערזען די ערשטע הייזער. ער האָט אונדז ניט געזאָגט קיין וואָרט, ער איז גע־שטאַנען אַ רגע און אונדז נאָכגעקוקט און דערנאָך זיך אויסגעדרייט און איז פאַרשוואונדן צוריק אין וואַלד. מיר האָבן געוואוסט, אַז גאָט האָט אַרונטערגעשיקט אַ מלאך אונדז אַרויסצופירן פון וואַלד. דעם קומענדיקן פרימאָרגן זיינען מיר געגאַנגען אין שול און געדאַנקט דעם אויבערשטן פאַר זיין באַרעמהאַרציקייט“.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז באַשערט געווען, אַז איך זאָל פאַר־לאָזן מיין שטעטל. פאַרלאָזן די וועלדער, די פעלדער און די בלאָטעס. די טייכן און דעם פּאַס קרישטאָלענע וואַסער וואָס מיר האָבן גערופן דעם האַרץ. איך בין געווען מיטן טאַטן דעם לעצטן מאָל ביים מיל וואָס איז געשטאַנען באַרעגנט פון דער זון און אַרומגערינגלט מיט גרינע פעלדער. איך האָב אַרומגעוואַנדערט איבער דעם שטעטל מיט

אַן אומעט אין מיין האַרצן. געוואוסט האָב איך, אַז איך פאַרלאָז אַלץ אויף אייביק. אַפילו די גרויסע דערוואַרטונג פון פאָרן קיין אַמעריקע האָט מיר ניט געהאָלפן. איך בין געפאָרן צום פעטער פיניע אין דעם ווייטן לאַנד מיט די גאָלדענע וואונדער און די לעגענדע פון טויזנט און איין נאַכט.

מיר זיינען אַלע געזעסן אויפן וואָגן שווייגנדיקע. מיר זיינען געפאָרן צום וואָקזאַל וואו די באַן וועט מיך אַוועקנעמען פון אַלצדינג וואָס איז געווען נעכטן. בערל קאַנאַווע וועט מיך נעמען מיט זיך צו דעם גאָלדענעם לאַנד. ער וועט אַכטונג געבן אויף מיר ביז מיר וועלן דער־גרייכן די ברעגן פון ניו יאָרק. דערווייל ווישט די מאַמע באַהאַלטענער־הייט די טרערן. דער טאַטע זיצט מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן און זיינע אויגן זיינען אָנגעלאָדן מיט פינצטערניש. אַפילו די קינדער טומלען ניט. און איך וואָלט געוואָלט וויינען, נאָר עס פּאַסט מיר ניט.

היי, מזל מיינער! פיר מיך ערגעץ וואו איך וועל געפינען מיינע קינדערשע חלומות! פאַרפרעמד מיך ניט פון מיין טאַטע, מאַמע, ברידער און שוועסטער. די בילדער פון מיין קינדהייט זאָלן קיין מאָל ניט אָפּגעווישט ווערן פון מיין געדעכעניש. פיר מיך ערגעץ וואו איך וועל מיין וועג געפינען אין דעם לאַנד פון וואונדער און אייביקייט.

הינטער זיך פאַרלאָז איך מיין שטעטל, טייכן און וועלדער. מיינע ליבסטע און טייערסטע. אַ חלום וועט זיך אייביק שפּינען אין מיין האַרצן און וועט קיין מאָל ניט פאַרגיין.

# אייביקער פרידן

דער דאָקטאָר האָט שטילערהייט געזאָגט צו דער קראַנקן־שוועס־טער: „פלאָרענס, ער וועט לאַנג ניט דויערן. נאָר גאָט קאָן ווייזן אַ נס. איך קען מער גאָרניט טאָן. איך וועל הייסן, אַז מען זאָל לאָזן וויסן דער משפחה וועגן דעם".

ווען דאָקטאָר גאָרדאָן איז אַוועק, איז פלאָרענס צוגעגאַנגען צו אים און אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין קאָפּ און מיט אַ נאַס טיכל אָפּגעווישט זיינע פאַרברענטע ליפּן. טעמקין האָט געאָטעמט שווער. יעדע סעקונדע האָט זיך אַרויסגעריסן אַ כריפּ פון זיינע לונגען. זיינע האָר זיינען געלעגן צעפּלאָסן אויף זיין שטערן. זי האָט מיט אירע לאַנגע פינגער זיי אַרויפגעשאַרט. דערנאָך האָט זי זיך אַרויס־געשלייכט פון הינטער די ווענטלעך און אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול לעבן דער אָפענער טיר.

דער שטול האָט אַ סקריפּע געטאָן. זי האָט געמישט די בלעטער פון אַ צייטונג און האָט מער ניט געטראַכט וועגן אים. אין שפּיטאָל איז דער טויט אַ געוויינטלעכער גאַסט. פלאָרענס ווערט מער ניט באַאומרואיקט פון דעם. זי האָט געטראַכט, אַז טעמקין איז ניט באַ־וואוסטזיניק, אַז אַלץ איז פאַריבער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און זיך געוואונדערט אויב ער וועט דערציען ביז פאַרטאָג... זי האָט געוואוסט אַז די משפחה וועט באַלד אָנקומען און עס וועט זיין דאָס זעלבע ווי אַלעמאָל. מען שטייט און מען וואַרט ביז די ענדע קומט. מען רעדט צווישן זיך. אַמאָל זאָגט איינער עפּעס און עס ברעכט אויס אַ שטילער געלעכטער. די איבעריקע צייט שטייט מען שוייגנ־דיקע, אָדער מען שושקעט איינער דעם אַנדערן.

אָבער טעמקין איז געווען באַוואוסטזיניק. ער איז געלעגן פלאַך אויפן פּלייצע און זיך ניט געקאָנט רירן. ער האָט געהערט דאָס כריפּן וואָס איז געקומען פון ערגעץ־וואו. ער האָט געהערט דער קראַנקן־

שוועסטערס מישן די צייטונג. ער האָט געהערט די ווייכע טריט אין דעם גרויסן קאָרידאָר פון שפּיטאָל. ער האָט געהערט וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט צו פלאָרענסן, אַז „ער וועט לאַנג שוין ניט דויערן". נאָר דאָס אַלץ איז פאַר אים געווען ווייט און פרעמד, ווי עס וואָלט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט אים; געפילט אַז ער איז ווייט פון אַלעמען, אַז קיינער וויים מער ניט וואו ער געפינט זיך, אַז מיליאָנען וועלטן טיילן אים אָפּ פון אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט.

ער איז געלעגן ביי אַ גרויסן פענצטער אויף דעם צוואַנציקסטן שטאָק. זיין קאָפּ איז געווען אַביסל אויף אַ זייט און ער האָט געקאָנט זען די שטערן אין הימל. ער האָט זיך צוגעהערט צו דעם רוישן פון דער שטאָט, געוואָלט פאַרמאַכן די אויגן, אָבער די מוסקולן האָבן מער ניט געפאָלגט, און די אויגן זיינען געבליבן אָפן. דאָס פענצטער האָט אַרויסגעקוקט צום איסט ריווער, אָבער דאָס וואַסער האָט ער ניט געזען. שימערירנדיקע ליכט האָבן זיך געטונקען אין בלויער לופט. קיין הייזער האָט ער ניט געקאָנט זען. אָבער ער האָט געוואוסט, אַז זיי זיינען דאָ אונטן ביי די ברעגן. גרויע קברים מיט קליינע פענצטער. מען ווערט געבוירן, מען שטאַרבט, און די וועלט גייט אָן ווי עס וואָלט גאָרניט פאַסירט. אַן אייביקער שטראָם, וועלכער הערט קיין מאָל ניט אויף.

טעמקין האָט זיך געוואונדערט וואָס ער קאָן אַזוי קלאָר טראַכטן. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אַלץ איז אים געוואָרן אַזוי עמפּינדלעך, אַז ער קאָן הערן און זען שאַרפער ווי אַ פּראָזשעקטאָר וואָלט אַלץ באַלויכטן. אים דוכט זיך, אַז ער קאָן הערן דעם מינדסטן קלאַנג; ער קאָן הערן דאָס זינגען אין די ספערן, און זיינע אויגן קאָנען דורכדרינגען ביז די שטערן. נאָר איצט וואָלט ער געוואָלט פאַרמאַכן די אויגן און ניט זען קיין ליכט. ניט געוואָלט הערן מער קיין קלאַנג. ער האָט געוואָלט ליגן אין אַ פאַרגליווערטן שווייגן, אַנטשלאָפן ווערן און אַלץ פאַרגעסן.

ער קאָן זיך ניט דערמאָנען ווי אַלט ער איז. אַ סך זאַכן מישן זיך אין קאָפּ און ער קאָן ניט דערגיין קיין טאָלק. ליכט און פינצטערניש יאָגן זיך איינס נאָך דאָס אַנדערע. ער דערמאָנט זיך און פאַרגעסט. עפּעס שטראָלט אויף און עס ווערט נאָכאַמאָל פינצטער. טאַטע־מאַמע?... ער האָט אַמאָל געלייענט, אַז אין די מאָמענטן פון טויט טראַכט מען וועגן זיי. ער ניט! זיי זיינען ווייט און פרעמד. אויב זיין

קומען אויף דער וועלט איז געווען דורך זיי, איז דאָס געווען מער ניט ווי אַ צופאַל. זיי האָבן גאָרניט צוגעגעבן צו זיין לעבן, גאָרניט אַרונטערגענומען.

ער געדענקט, אַז די מאַמע איז געווען אַ הויכע יידענע מיט אַ פּנים רויט ווי אַ בוראַק. איר גאַנצער קערפּער ווי פון איין שטיק אויסגעקנאָטן. זי האָט ניט געלאַכט אָדער געוויינט. אַלץ וואָס זי האָט געטאָן איז געווען מיט אַ סאָרט פאַרגליווערטקייט. די קינדער האָט זי ניט ליב געהאַט אָדער פיינט געהאַט. זיי זיינען דאָ, זאָלן זיי זיין, ניט, איז אויך גוט. איז אַ קינד געשטאָרבן, האָט זי ניט געוויינט; זי איז געשטאַנען ביים קבר אָן שום אויסדרוק אויף איר פּנים. זי האָט גע־פּראַצעוועט און געשוויגן, פּונקט ווי עס דאַרף אַזוי זיין... אַזוי באַשערט...

דער טאַטע האָט געהאַט פּוקסענע אויגן. וואָס זיינע ליפּן האָבן גערעדט האָט גאָרניט געמיינט. זיינע אָרעמס ווי אויסגעקנאָטן פון שטאָל. ער איז געווען הויך ווי אַ דעמב. זיין גאַנצער קערפּער און זיין רויטע קאָפּ האָר האָבן דערמאָנט אָן אַ מיטאָלאָגישן גאָט. קיין גרויסע ליבע צווישן אים און דער מאַמען איז ניט געווען. ער פלעגט פאַרשוואונדן ווערן אויף וואָכן־לאַנג און דערנאָך צוריקקומען ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט. ער, לאַזאַר, האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי, די מאַמע, נעמט זיך ניט צום האַרצן פון דעם. אַזוי זיינען אַוועק די טעג און די יאָרן. און אַזוי זיינען די קינדער אויסגעוואַקסן.

ווען לאַזאַר איז אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר, האָט ער געלאָזט וויסן די עלטערן, אַז ער פאַרלאָזט דאָס הויז. דער טאַטע האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און געשוויגן. די מאַמע האָט געזאָגט: „וואו גייסטו, מיין קינד?" קיין גרויס לייד אויף איר פּנים איז ניט געווען. זי האָט אויסגעקוקט זייער מיד. זי האָט ניט געוואַרט אויף קיין ענט־פער. די ברידער און שוועסטער האָבן אויך גאָרניט געזאָגט. דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט ער פאַרלאָזן דאָס הויז און קיינמאָל זיך ניט אומגעקערט.

טעמקין הערט קלויסטער־גלעקער קלינגען. פּאָר מינוטן לאַנג ליגט ער און הערט זיך צו. ער הערט אַ רויש הינטער דעם ווענטל. ער הערט ווי די קראַנקן־שוועסטער זאָגט צו אימיצן: „איר קענט אַריינגיין אויב איר ווילט. אָבער, צו וואָס?... ער איז אין אַ קאָמע און וועט אַפילו ניט וויסן וואו ער איז. ער ליגט מיט אָפענע אויגן

אָן אַ סימן פון לעבן. „פור מיסטער טעמקין. וואָט אַ דיר הי איז!" ער האָט געהערט זיין ווייבס שטימע: „איך וויל אים זען! איך מוז אים זען!"

דערנאָך האָט זיך אַ טייל פון דעם וועגטל געעפנט. זיין ווייב איז געשטאַנען ביי זיין בעט. ער טראַכט, אַז איר פנים האָט ניט קיין שום באַוועגונג, אַז איר הויט פון די הענט איז פול מיט קנייטשן, די האָר מיט גרויע פאַסן, און די אויגן האָבן געקוקט אויף אים אָן שום אויסדרוק, נאָר פון די ווינקלען פון די אויגן האָבן טרערן גערונען איבער די איינגעפאַלענע באַקן. אַ געפיל פון רחמנות האָט אים אַרומ־געכאַפּט און ווען זי האָט מיט אירע דאַרע לאַנגע פינגער אַ גלעט געטאָן זיין פנים, האָט ער זיך געפילט זינדיק וואָס ער האָט געטאָן צו איר.

אָבער, דאָס אַלץ האָט נאָר געדויערט אַ מאָמענט. דערנאָך, האָט ער פריטזען מער ניט געזען. דאָס צימער האָט זיך אַ וויג געטאָן. אַ מאָמענט איז ער געהאַנגען אין דער לופטן צווישן הימל און ערד. אונטן זיינען געווען פעלדער און לאָנקעס. אויבן — דורכזיכטיקע וואָלקנס און אַ גאָלדיקער רעגן פון זון. ער האָט אַרונטערגעניִדערט צו דער ערד. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געווען אין אַ קאַבינע פון אַ באַלון, און זיי זינקען אַרונטער צוריק צו דער ערד. אָבער, אַז עס איז ניט די ערד וואו ער איז געבוירן געוואָרן, ניט די ערד וואָס ער ווייס.

ליכט און פינצטערניש טאַנצן אַ קאַראַהאָד. ער איז נאָכאַמאָל אין שפּיטאָל. נאָכאַמאָל ליגט ער מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן און קוקט אויף דער סטעליע. דורך אַ ווינקל פון רעכטן אויג זעט ער דעם גרויסן פענצטער וואָס גליווערט מיט נאַכט. ער קאָן מער ניט זען דעם הימל, קאָן מער ניט הערן דעם רויש פון דער שטאָט, קאָן זיך ניט דערמאָנען ווער ער איז, און וואו ער איז אין דער וועלט. פון הינטערן וועגטל הערט זיך אַ כליפּן. ער פאַרשטייט ניט וואָס דאָס מיינט. ער פּרובירט צוזאַמענקלייבן שטיקלעך פון זיינע טעג. אָבער אַלץ איז איינגעוויקלט אין פאַרגעסנקייט, אַלץ איז פאַרוויקלט אין נאַכט. גאָט, ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט פאַרמאַכן די אויגן! אַנט־שלאָפן ווערן און אויפוואַכן אין פרימאָרגן. ער איז אַזוי מיד, אַזוי מיד!

נאָכאַמאָל, ליידיקער רוים. נאָכאַמאָל אַליין אונטער די שטערן. באַלד צוריק אין זיין צימער אין שפּיטאָל. נאָכאַמאָל די גרויע וועגט־

לעך. אָבער קיינער בליבּעט מער ניט. די קראַנקן־שוועסטער און דער יונגער דאָקטאָר סודן זיך הינטער דעם ווענטל. זי לאַכט און זאָגט עפּעס. זיי קושן זיך. זי זאָגט שטילערהייט: „ניט דאָ, דר. בערגער, ניט דאָ!" און פּלוצלונג הערט זיך אַ קלינגען פון אַ גלעקל. „צום שוואַרץ יאָר, מען מוז שוין ווייטער גיין". נאָכאַמאָל אַ קוש און ער איילט זיך אַרויס צום קאָרידאָר.

און מיט דעם לויפט אַוועק זיין זכרון. ער דערמאָנט זיך נאָך, אַז זיין ווייב איז דאָ געוועזן. די טאָכטער איז אין סאַן פראַנציסקאָ און וועט מסתמא אויך קומען. זיי וועלן אַלע קומען זען דעם אַלטן שטאַרבן. פרידזע וועט שטיין איבער זיין קבר אָן שום אויסדרוק פון צער. און אפשר וועט אַ טרער רינען איבער אירע פאַרטריקנטע באַקן. דאָך — אַמאָל האָט זי אים ליב געהאַט! ער איז שולדיק פאַר אַלץ וואָס האָט פּאַסירט! עס איז געווען אַ טעות פון אָנפאַנג אָן. עס האָט ניט געדאַרפט זיין אַזוי. עס האָט ניט געטאָרט פּאַסירן.

און טעמקין דערמאָנט זיך אָן דעם אַלעמען. עס איז שוין אַזוי לאַנג צוריק. אַלץ איז אַזוי ווייט און נעפּלדיק. זיינע עלטערן האָט ער גאָרניט צו דאַנקען. ער פילט זיך ניט ווי פליש פון זייער פליש. און דאָך איז אַ גרויסער טייל פון זיין לעבן אָן איבערבלייבעכץ פון זיי און ער ראַנגלט זיך מיט דעם זיין גאַנצן לעבן. דאָס איז די זינלאָזי־קייט פון זיין עקזיסטענץ. איין טאָג ווי דער צווייטער, צי מען באַ־וועגט זיך צי מען שטייט שטיל. די זעלבע פילאָסאָפיע פון הילפ־לאָזיקייט. פון זיך ניט ווערן, וואָס דער שיקזאַל זאָל ניט זיין. דער גאַנג פון אַ בלינדן וואָס טאַפּט אָן אין דער פינצטערניש און קאָן דאָך ניט געפינען זיין וועג. עס וועט סיי ווי סיי זיך ענדיקן מיט פינצטערניש און נאַכט.

און אַזוי איז געווען זיין לעבן. אַ פאַרזעצונג פון דאָס זעלבע. ער איז געווען הויך ווי דער טאַטע. אַ רויטע קאָפּ האָר מיט אַ פּנים פון גראַניט. די זעלבע אויגן, קאַלט און ווייט און אַ קערפּער פון אַ ריז. פרויען קוקן אויף אים פאַרגאַפט ווען ער גייט אין גאַס. זייערע אויגן האָבן געפיבערט פאַר אים. נאָר ער איז געגאַנגען זיין וועג. קיין זאַך האָט אים ניט אויפגעטרייסלט, קיין זאַך האָט אים ניט שאָקירט.

ער איז אָנגעקומען אין שטאָט וואו די מענטשן און הייזער זיינען געווען פרעמדע. האָט ער גענומען אַ צימער אויף דער „איסט סייד", די פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט צום גאַס. פושקאַרט־פעדלערס האָבן

געטומלט אין גאַס אויסרופנדיק זייערע סחורות. אויף דער צווייטער זייט גאַס איז געווען אַ גרויסע געמויערטע שול, אַלט און פאַרשטויבט. יידן זײַנען געגאַנגען אין שול פרימאָרגן ווען עס האָט נאָך געגרויט אין דרויסן, אָדער אין אָוונט. ווען די זון פאַרגייט. תפילות האָבן זיך געטראָגן צום הימל. מענטשן האָבן זיך געוואָלט דערנענטערן צו גאָט, און אפשר אויסוויינען זייערע ביטערע הערצער. אפשר האָבן זיי געזוכט אַן אורזאַכע פאַר זייערע לעבנס. ער, טעמקין, האָט די אור־זאַכע פאַר זיין לעבן קיינמאָל ניט געפונען.

מיט אַמאָל איז טעמקין קלאָר געוואָרן, אַז די נאַטור האָט אים באַהאַנדלט ווי אַ שטיף־קינד, אַז ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין פולער מענטש, אַז זיין גאַנץ לעבן איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ בליג־דער און ניט געוואוסט אַז עס איז דאָ ליכט אויף דער וועלט. ער האָט קיינמאָל ניט באַגערט דאָס וואָס עס מאַכט דאָס לעבן ווערטפול, ווייל ער האָט ניט געוואוסט וואָס עס פעלט אים. ער איז קיינמאָל ניט געווען באַוואוסטזיניק וועגן ליבע אָדער האַס. קיינמאָל ניט געוואוסט וועגן דעם. איצט, אין דעם מאָמענט פון זיין טויט, ווערן אים אַ סך זאַכן קלאָר. איצט פאַרשטייט ער, אַז ער האָט זיין גאַנץ לעבן גע־טראָגן דעם טויט אין זיין האַרצן, אַז אַלץ אין אים איז געווען קאַלט און פאַרפרוירן, אָן געפיל פאַר מענטשן אָדער גאָט.

דאָס איז געווען די אורזאַכע וואָרום גאָט איז געווען פאַר אים אַזוי ווייט און פרעמד. ווייל ליבע איז גאָט. דאָס טאָפּן אויף דעם גראָז אין פרימאָרגן, דער אָטעם, דער מענטש און דער אוניווערז — אַלץ איז אַ טייל פון זיין גרויסער ליבע. די פעלד־בלומען, וועלכע וואַקסן ווילד, די בערג, די טאָלן — אַלץ איז אַ טייל פון זיין אָטעם און זיין באַשיצנדיקער האַנט. ער איז אַלע מאָל געווען און וועט אייביק זיין. אייביק . . .

ווי אַ קוואַל וואַסער וועלכער שלאָגט דורך דעם שטיינערנעם באַרג, אַזוי האָט אַ גרויס ליכט פון באַנעמונג געלויכטן אין זיין האַרצן. אַלץ וואָס איז געווען פאַרגליווערט אין אים האָט זיך אָנגע־הויבן צעשמעלצן; אַלץ וואָס האָט פאַסירט מיט אים, פון וויגעלע ביז די לעצטע מינוטן פון אונטערגאַנג, האָט ער איצט געזען אין אַן אַנדער ליכט. עס איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז זיין גאַנצער לעבן איז געווען מער ניט ווי אַ מאַסקאַראַד, אַז ער האָט געטראָגן אַ מאַסקע, וועלכע ער האָט ביז דעם מאָמענט ניט אַרונטערגענומען.

און עס האָט זיך אים דערמאָנט וועגן זיין ווייב. ער האָט גע־וואוסט, אַז זי איז אין וואַרט־צימער. זי זיצט איינגעהאָרבעט און וואַרט, אַז ער זאָל אויסהויכן זיין לעצטן אָטעם. אפשר וועט זי האָבן אַ געפיל פון באַפרייאונג? אפשר וועט זי האָבן אַ טרער אין אירע אויגן? אָדער זי זיצט איינגעהויקערט און טראַכט וועגן אַ מיידלס חלום, וואָס איז אויסגערונען געוואָרן, וועגן וואָס ס׳האָט געדאַרפט זיין און עס איז גאָרניט געוואָרן. טראַכט זי, אַז עס איז שוין צו שפּעט פאַר איר עפּעס צו טאָן אויסער וואַרטן אויף דעם טויט.

עס איז געווען אַ ווינטער פאַרנאַכט. ער האָט געאַרבעט אין איר פאָטערס פאַבריק. ער געדענקט נאָך די לאַנגע הילצערנע געביידע ביי די ברעגן פון פּאַסייאיק ריווער. ער געדענקט ווי דער טייך איז געווען פאַרפרוירן און פאַרדעקט מיט שניי. ער געדענקט דאָס שטעטל „גאַרפילד" מיט די אַלטע, הילצערנע הייזער, גרוי און אַלט און שטויביק. ער געדענקט די אַרבעטער פון זיין אָפּטיילונג, יעדער שטריך אין יעדנס פּנים. ער דערמאָנט זיך אָן פּריטזעס פאָטער — מיסטער געלבאַרט. אַ ברייט געבויטער ייד, מיט אַ רויטן פּנים און וואַסערדיקע אויגן, אַ דיקער האַלדז און קורץ־געשוירענע האָר. אַ פּשוטער ייד, וועלכער האָט געמאַכט זיין געלט פון אַליין פּראַצעווען און מאַכן אַנדערע פּראַצעווען. ער האָט ניט געוואוסט פון קיין זאַך אויסער אַרבעט. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט און ערשט דאַ־מאָלט האָט ער זיך פאַר אַ ווײַלע ניט געריררט פון אָרט.

אַ חוץ דער טאָכטער האָט ער קיינעם ניט געהאַט. זי איז געווען זיין אַלץ, פאַר איר האָט ער געלעבט, פאַר איר האָט ער געאַרבעט. אָבער פּריטזע האָט ניט געקאָנט געפינען איר וועג אין לעבן. פּונקט ווי איר מאַמע, איז זי געווען הויך, דאַר און פאַרטריקנט. אָבער אין אירע אויגן איז געווען אַ קוואַל פון ליכט און מען האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז אַ פרעמדע קומט אַרויס פון דאָרטן. זי איז געווען נאָענט צו דרייסיק, געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי האָט שוין אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז איר לעבן וועט זיין ווי אַ לעבן פון אַנדערע פרויען. זי וועט שוין אַזוי פאַרבלייבן און פאַרגיין.

זי איז געווען קלוג און אינטעליגענט. האָט אַ סך געלייענט, גע־זוכט און געפאָרשט. זי האָט גערעדט מיט מאָס און מיט געציילטע, דראָבנע ווערטער. דער טאַטע האָט געקוקט אויף איר מיט צער אין די אויגן. עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף אים. ער האָט

אָבער געוואוסט, אַז עס איז ניטאָ קיין האָפענונג, אַז זי זאָל אַמאָל חתונה האָבן. איר פּיזאָנאָמיע איז ניט געווען פון קיין פרוי. אָבער זי האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ! געוואוסט דעם טאַטנס געשעפט בעסער פון אים, און דער טאַטע האָט זיך פאַרלאָזן מער און מער אויף איר. אָבער אין האַרצן האָט אים געווייטיקט אַז אַזוי זאָל זיך ענדיקן איר לעבן.

אָבער ווען טעמקין איז געקומען אַרבעטן אין פאַבריק, האָבן געלבאַרטס אויגן אויפגעלויכטן, ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט, אַז דער יונגער בחור איז אַ זיווג. ער האָט אים אָנגעהויבן באַפריינדן, איינלאַדן אין הויז, גענומען אים אויף אַ רייזע פאַר אַ פּאָר טעג צו זייער זומער־היים. געהעכערט אים די שכירות, אַ פּאָר מאָל אים אונטערגעשטופּט בילעטן פאַר דעם טעאַטער און אים געגעבן אָנצו־הערן אַז ער זאָל אויסנעמען זיין טאָכטער. אַפילו אים אונטערגע־שטופּט אַ פּאָר דאָלאַר און מיט אַ שמייכעלע אָנגעוואונקן, אַז נאָך דער פאָרשטעלונג זאָל ער זי נעמען אין אַ נאַכט־קלוב. אַזוי וואָך נאָך וואָך ביז מיסטער געלבאַרט האָט פּשוט אָנגעבאָטן, אַז ער זאָל חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער און עס וועט אים גוט זיין ווי די וועלט.

און אַזוי איז געשען. טעמקין האָט זיך שטאַרק ניט געוועהרט. מיס־טער געלבאַרט האָט אָפּגעשריבן אויף זיין נאָמען אַ היפּשע סומע געלט. פריטזע האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. זי האָט זיך אַ היפּש ביסל גע־ענדערט. זי איז געוואָרן אויסגעפּולט, אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן, אַפילו די ליפּן אירע זיינען געוואָרן פולער און די שטייפקייט פון די ווינקלען זיינען ווייכער געוואָרן. זיי האָבן זיך אַריינגעקליבן צום טאַטן אין הויז. צימערן זיינען געווען געגנוג. און ביימער און בלומען זיינען געוואַקסן אין גאָרטן. און טעמקין האָט קיין סך ניט געטראַכט, זיך ניט געגריבלט אין קיין גרויסע פּראָבלעמען. געוואוסט, אַז די נויט פון זיין קינדהייט איז פאַרשוואונדן; געוואוסט, אַז דאָס ווייב איז דאָס איינציקע קינד, און אַז דער אַלטער וועט שטאַרבן וועט אַלץ איי־בערבלייבן פאַר זיי.

און טעמקין האָט ניט געציילט די טעג. עס איז אים געווען וואַ־רעם און באַקוועם. נאָר צייטנווייז פלעגט אַ בענקשאַפט אים אַרומ־כאַפּן און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין. ווען די טאָכטער איז געבוירן געוואָרן האָט ער געטראַכט, אַז אַלץ וועט זיך ענדערן. אָבער בעסער איז ניט געאָרן. פריטזע האָט אים צורו

געלאָזט. זי איז געווען דאַנקבאַר פאַר דעם קינד וואָס ער האָט איר געשענקט. זי האָט זיך געשראָקן אַביסל פאַר דעם מאָרגן. אַ סך מאָל פלעגט זי אים אָנקוקן ווי זי וואָלט אים געזען דאָס לעצטע מאָל. און דער אַלטער האָט געלעבט, און געלעבט.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט ער טעמקינען געגעבן שותּפות אין געשעפט. אָבער קיין גרויסע פרייד האָט דאָס אים ניט געבראַכט. מיסטער געלבאַרד האָט אַלץ געהאַלטן מיט אייזערנע הענט און האָט אים זעלטן עפּעס געפרעגט, אָדער זיך באַראַטן מיט אים.

פריטזע איז צוריקגעקומען אין פאַבריק און טעמקין האָט דאָרטן זיך געפילט ווי אַן איבעריקער. פלעגט ער פון צייט צו צייט אַנט־לויפן אין זיין אויטאָמאָביל און וואַנדערן דאָ און דאָרט. קיינער האָט אים גאָרניט געזאָגט, קיינער האָט אים גאָרניט געפרעגט און קיינער האָט צו אים קיין טענות ניט געהאַט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי זיינען אים דאַנקבאַר וואָס ער האָט דערפילט אַ פונקציע אין זייער לעבן און איצט איז זיין אַרבעט פאַרענדיקט. און וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, וועט דאָס לעבן פאַר זיי ווייטער אָנגיין.

ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט טעג און וואָכן, קיינעם ניט געפעלט. אין פאַבריק האָט ער קיין וויכטיקע אַרבעט ניט געהאַט. פריטזע און מיסטער געלבאַרט זיינען מיט די געשעפטן אָנגעגאַנגען דערפאָלגרייך. אַז ער פלעגט צוריקקומען האָט דאָס ווייב ניט געזאָגט קיין וואָרט, ניט געוויזן קיין איבערראַשונג. אַ בלייכן שמייכל געטאָן און דער־ציילט די חכמות פון קינד. זי האָט געהאַנדלט ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי שוואַנגערט מיט אַ באַ־האַלטענער פרייד וואָס ער וועט פאַרפאַלן.

ער האָט זיך געפילט זייער מאָדנע ווען געלבאַרט האָט אַרויפ־געלייגט זיין האַנט גוטברודעריש אויף זיין אַקסל און גערעדט מיט אים וועגן געשעפט. דערציילט, אַז אין גיכן וועלן זיי בויען אַ נייעם פליגל צו דער פאַבריק, און וויפיל פּראָפיטן זיי האָבן געמאַכט; אים דערציילט, אַז ער האָט אָוועקגעלייגט אַ סומע געלט אויף טעמקינס נאָמען. „דו ביסט דאָך אַ שותּף. זאָל דיר וואויל באַקומען, נוץ דאָס געזונטערהייט״.

און טעמקין איז אַוועק אין זיין חדר און געזעסן אין דער פינצטער און זיך געוויגט און געוויגט שטיל מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער האָט אַליין ניט געוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אים. וואָס וויל ער?

וואָס לויפט ער אַרום און זוכט דעם נעכטיקן טאָג? וואָס וועט ווערן פון דעם אַלעמען? קיין ענטפער איז ניט געווען.

אין דרויסן זיינען די ביימער פאַרשנייט. די געזימסן פון די פענצטער שיינען מיט ווייסקייט. די שטערן זיינען שוין דאָ אין הימל. פון ערגעץ טראָגן זיך קלאַנגען פון שובערטס ניט פאַרענדיקטע סימ־פאָניע. עס איז אים גרוילעך אומעטיק. ער פילט זיך עלנט און אַליין.

אין צווייטן צימער איז דאָ דאָס קינד. זי שלאָפט אין בעטעלע מיט איר פאַרזיסטן פּנים און בלאָנדע האָר. זי קוקט אויס אינגאַנצן ווי ער. בלוט פון זיין בלוט, פלייש פון זיין פלייש. ער שטייט ביים שוועל און קוקט אויף איר און זי איז אים אַזוי נאָענט און אַזוי ווייט. ער הערט פריטזענס טריט. ער דערקאָנט איר גיין. זי שטייט לעבן אים, נעמט אָן זיין אָרעם און זאָגט גאָרניט. ער דרייט זיך אויס פּאַ־מעלעך, גיט אַ קוק אויף איר, גיט אַ קראַנקן שמייכל און ווייס ניט וואָס צו זאָגן. זי נעמט אים פאַרן האַנט און פירט אים אַריין אין שלאָפצימער.

נאָך דעם גייט זי אַוועק און ער בלייבט אַליין. ער ליגט מיט אָפענע אויגן און קוקט דורך דעם פענצטער. קיין זאַך רירט זיך ניט אין אים. די גאַנצע וועלט האָט זיך פאַרטייעט, פאַרפרוירן געוואָרן אויף אייביק. ער קאָן אַפילו ניט טראַכטן. די קאָפּ איז פול מיט שפּינוועב און אין זיין האַרץ — פינצטערניש. ער וויל אַזוי ליגן און אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק.

אַ סך יאָרן זיינען אַזוי אַוועק. ער איז געוואָרן שווייגנדיקער, דער גליוואר גרעסער. אָבער קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט. דאָס זעלבע שפּיל האָט אָנגעהאַלטן. דאָס זעלבע לויפן און זוכן, דאָס זעלבע צעלאָזטקייט און דער זעלבער אומעט. אין פאַבריק יאָ קומען, ניט קומען. דער זעלבער טייך מיט די ברודיקע וואַסערן. ווי זיין טאַטע, האָלט ער אין איין לויפן און זוכן, ווי דער טאַטע, שלעפּט ער זיך אַרום אויף דער וועלט אָן אַ צוועק און אָן אַ ציל. דאָס זעלבע שפּיל, די זעלבע הילפלאָזיקייט.

ווען ער האָט דערגרייכט פופציק יאָר האָט ער שוין אויסגעזען ווי אַן אַלטער מאַן. זיינע טריט זיינען געוואָרן שווער, די האָר גרוי מיט פלעקן פון רויט. דערהויפט די אויגן — מידע און אָן אויסדרוק. די טאָכטער, וויוויען, האָט חתונה געהאַט און געמאַכט איר היים אין קאַליפאָרניע. פון צייט צו צייט איז זי געקומען קיין ניו יאָרק, אָדער

זיי צו איר. פריטזע איז אַלץ מער געווען פאַרנומען מיט דעם געשעפט. געלבאַרט איז נאָך אַלץ געווען אין זיין שווערן מעבלירטן שטול. אָבער אַלע האָבן געוואוסט, אַז זי איז די וואָס פירט דאָס געשעפט. טעמקין דערמאָנט זיך, אַז איר באַציאונג צו אים איז געווען דאָס זעלבע ווי אַלעמאָל.

קיינמאָל ניט קיין שלעכט וואָרט. קיינמאָל אים ניט געמאַכט קיין פאָרוואורף — וואָס ער זאָל ניט טאָן. ווען ער פלעגט קומען אַהיים נאָך איינער פון זיינע וואַנדערונגען, האָט זי אים גאָרניט געפרעגט. ער האָט אָנגעהויבן פילן אַ געוויסע צערטלעכקייט צו איר. ער האָט אויך געהאַט דאָס געפיל, אַז זי באַהאַנדלט אים ווי אַ ניט אויסגע־וואַקסן קינד.

אָבער קיין סך האָט דאָס ניט געמיינט. ער איז פאַרזונקען גע־וואָרן אין אַן אינערלעכער וועלט און אַלע אַנדערע זאַכן זיינען גע־וואָרן אַ חלום. די ווירקלעכקייט האָט ניט געהאַט קיין סובסטאַנץ, קיין אינהאַלט. ער האָט געבלאָנדזשעט און געזוכט די וועלט וואָס מען קאָן מיט די אויגן ניט זען, נאָר פילן און זען מיט די גייסטיקע אויגן.

האָט ער אַרומגעוואַנדערט אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען כדי צו זיין אַליין. פרילינג — בערג און וואַסערפאַלן. ווינטער — פאַר־שיידענע פאַרשנייטע וועגן וואו עס זאָל ניט פירן, אַוועקגיין אין פרימאָרגן צו די ברעגן פון אַ טייך און זיצן שטונדן און קוקן אויפן וואַסער. יונגע וועלדלעך באַהאַלטן אין שאָטנס און ער ליגט אין אַ טעפעך פון מאָך. מיט פאַרמאַכטע אויגן הערט ער זיך צו צו דער איי־ביקייט, און אומעטום הערט ער דעם רוף וואָס דערציילט דאָס גע־היימעניש פון אַנדערע וועלטן. אין די פאַלדן פון דער צייט ליגט באַהאַלטן דער פּאַלאַץ פון פרייד, פון אַנדערשקייט און באַנייאונג. אין דער שטילקייט הערט ער די שטימע פון גאָט און זיינע וואונדער. ער ווייס, אַז וואָס זיין טאַטע האָט געזוכט און ניט געפונען האָט ער, לאַזאַר טעמקין דער זוכער, אַנטדעקט, אַז דער וועג פון באַנייאונג ליגט צעפּראַלט פאַר זיינע אויגן, ווי די וועגן וואָלטן געפירט צו דעם לאַנד פון אַנטפּלעקונג און אייביקייט.

און אַלץ האָט זיך געביטן אין אים. אַ גרויסע פרייד האָט באַ־לויכטן זיין האַרץ. ער האָט דאָס געטראָגן באַהאַלטן ווי אַ קוואַל וואָס פליסט אונטער דער ערד און פאַרבאָרגן פון מענטשלעכע אויגן. דאָס ווייב האָט געקוקט אויף אים און ניט פאַרשטאַנען. די טאָכטער האָט

זיך געשושקעט מיט דער מאַמען און זיי האָבן ביידע געהאַט זאָרג אין די אויגן. אַלץ איז געווען אַנדערש. ער האָט געזען די שיינקייט פון גאָטס באַשאַפונג.

אַן אויסגעטריקנטער בוים. אַ שטיינערנע פעלד. נאַקעטע ערד. דער אוניווערז. אַ ברעקל שטויב. אַלץ איז פאַר אים געוואָרן אַ טייל פון שיינקייט, אַ טייל פון גאָטס מייסטערווערק. ער האָט געוואוסט, אַז אַלץ איז פאַרבונדן מיט אַ גאַנצקייט, ווי אַ גרויסער טעפּעך מיט פאַרשיידענע אוזאָרן.

אים האָט מער ניט געאַרט ווען זיינע פינגער האָבן באַרירט איר פלאַכן קערפּער. זי איז געוואָרן אַ טייל פון זיין באַשאַפונג, דער־ריבער איז זי שיין, ער און זי און אַלע זיינען אַ טייל פון זיין אָטעם וואָס ער, דער באַשעפער, האָט אַריינגעבלאָזן אין זיי לעבן. זיי זיינען אַלע זיינע און געהערן צו אים, ווייל אין דער טיפעניש פון איר נשמה רוט גאָט און באַהעפט זיי ביידע. און זיינע פינגער האָבן געצערטלט איר קערפּער, געקושט איר און געוואָרן איינס, ווייל ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער באַהעפט זיך מיט גאָט.

דערפאַר ווען דער גרויסער ווייטיק איז געקומען אין זיין בויך, האָט ער קיין גרויס אויפמערקזאַמקייט דעם ניט געשענקט. ער איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען. עס איז געווען פרילינג און די גאַנצע ערד האָט זיך צעבליט. דער שניי האָט זיך צעשמאָלצן אין דער זון. דאָס גראָז האָט אַרויסגעשפּראָצט מיט אַ ווייכער גרינ־קייט.

ער איז אין זיין אויטאָמאָביל אַרומגעפאָרן אָן אַ ציל. זיינע גע־דאַנקען האָבן אים צורו געלאָזט. אין האַרצן געהאַט רו. ער האָט ליב געהאַט פאָרן מיט זייטיקע וועגן וואָס האָבן געפירט צו שטעטלעך און דערפלעך.

דעמאָלט איז עס געווען אויף אַ זאַמדיקן וועג וואָס איז געווען נאָס פון דעם צעשמאָלצענעם שניי. ער איז געבליבן שטיין לעבן אַ בריקל. אַרויסגעגאַנגען. אונטן האָט אַ גרויסער שטראָם וואַסער זיך געטראָגן מיט אימפּעט אַרונטער. דער קאַנאַל איז געווען פאַרזייט מיט שפּיציקע שטיינער, דער גרונט איז געווען ווייסער זאַמד. ער איז געשטאַנען און געקוקט אַרונטער, און די זון, אַ מילדע, האָט אים געוואַרעמט און אים געמאַכט פריידיק.

פּלוצלונג איז געקומען דער ווייטיק אין בויך. ער האָט געפילט, אַז זיין גאַנצער קערפּער האָט אַ ציטער געטאָן. פלאַמען האָבן צע־צונדן זיין לייב. אָבער דאָס האָט געדויערט אַ סעקונדע. באַלד איז אַלץ פאַריבער און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין פּנים. אַ שרעק האָט אָנגעפילט זיין האַרץ און ער האָט זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. שפּעטער איז ער געפאָרן אַהיים. זיינע געדאַנקען זיינען געווען אומרואיק. אין קאָפּ האָט געגריזשעט אַ גרויסע שרעק.

ער האָט קיינעם גאָרניט דערציילט. צום דאָקטאָר ניט געגאַנגען. ווען די ווייב האָט עפּעס במערקט און אים געפרעגט, האָט ער גע־לייקנט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט. אַ פּאָר טעג איז ער געווען אין הויז, זיך ניט גערירט פון אָרט. ער איז געזעסן אין זיין וויגשטול מיט פאַרמאַכטע אויגן אָן אַ געדאַנק אין קאָפּ, אָדער ער איז געלעגן מיט דעם פּנים אַרויף און געקוקט אויף דער סטעליע. אַמאָל האָבן זיינע אויגן געוואַנדערט צו דעם פענצטער וואו די קוסטעס בלומען האָבן זיך צעבליט.. ער האָט געזען סטאַדעס פייגל פליען צו די בערג. ער האָט געהערט די פּיס פון די דינער און דינסטן. ער פלעגט אַנ־דרימלט ווערן און זיך אויפכאַפּן און ניט וויסן וואו ער איז.

אַ וואָך שפּעטער האָט ער מער ניט געפילט קיין שום ווייטיק. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו קלערן פון דעם. ער איז געזעסן ביים טייך וואָס איז געווען אַרומגעריגלט מיט יונגע, בערעזאָוועביימער. עס איז געווען אַ פאַרלאָזענער אָרט. מענטשן פלעגן זעלטן קומען אַהין. די נאָענטסטע הייזער זיינען געווען עטלעכע מייל אַוועק. דער הימל איז געווען שווער און גרוי. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט מער ניט געהערט דאָס מורמלען פון דעם וואַסער. ער איז גע־זעסן אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צו אַ דיקן בוים. ער ווייס ביז איצט ניט צי ער איז אַנדרימלט געוואָרן. אָבער פּלוצלונג איז גע־ווען נאַכט. ער האָט ניט געזען דעם זאַמדיקן וועג, וואָס האָט גע־פירט צום ברעג פון וועלדל וואו זיין אויטאָמאָביל איז געשטאַנען. עס איז געווען וואַרעם און געמיטלעך און ער האָט באַשלאָסן צו וואַרטן אפשר וועלן די שטערן אַרויסקומען אין הימל. ער האָט נאָכ־אַמאָל פאַרמאַכט די אויגן און זיך צוגעהערט צו דעם זשומען פון די אינזעקטן. ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן אין אַ חלומלאָזן שלאָף.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז געווען אין מיטן נאַכט. טראָפּנס פון שווערן רעגן זיינען געפאַלן. עס איז געווען פייכט און

קיל און קלעפּיק. מען האָט ניט געקאָנט זען דעם טייך, דעם הימל. אָבער מען האָט געהערט דאָס ריטמישע קלאַפּן פון רעגן. טעמקין האָט באַשלאָסן אַז ער מוז געפינען דעם וועג וואָס פירט אַרויס פון וועלדל און פאָרן אַהיים. ער איז געקראָכן אין דער פינצטערניש, מיט די פינגער געפּילט די זאַמד. אָבער דער וועג האָט זיך ניט געענדיקט. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער קלעטערט באַרג אַרויף ביז ער האָט מער ניט געקאָנט אָטעמען. ער איז געבליבן זיצן אויף דער נאַקעטער ערד און זיך געהאַלטן ביי דער ברוסט. נאָכאַמאָל איז געקומען דער ווייטיק אין בויך וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט.

ער האָט ניט געשריגן! ער האָט פאַרביסן די ליפּן און גערופן צו גאָט! אין דעם מאָמענט פון טויט האָט ער מיט טרערן אין די אויגן געבעטן אויפן לעבן... זיין גאַנצע פילאָזאָפיע איז צערונען געוואָרן. די שרעק פון אָפּגעווישט ווערן אויף אייביק האָט צעריסן זיין האַרץ. גאָרניט ווערן... אונטערגאַנג... פאַרשוואונדן ווערן אין גאָרניט. ווי קיינמאָל ניט געלעבט, ווי אַ שטויב, וועלכן דער ווינט הייבט אויף און לאָזט דאָס איבער אין רוים. ער האָט געכליפּעט אָן טרערן. פון אַלע ווינקלען פון דער ערד האָט ער געהערט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל: „טויט, טויט"...

אַ יינגל, וואָס איז געגאַנגען כאַפּן פיש אין טייך, האָט אים געפונען און געלאָזט וויסן דער פּאָליציי. אַן אַמבולאַנס איז געקומען פון שטאָט און אים געבראַכט אין שפּיטאָל. געלאָזט וויסן דער ווייב און מיסטער געלבאַרט. טעמקין האָט זיך שוין מער ניט גערירט. דער גאַנצער קערפּער איז געוואָרן אַ שטיק ליים. די אויגן האָט ער מער קיינמאָל ניט פאַרמאַכט. עס איז אָבער אין זיי מער קיין ליכט ניט געווען. ער האָט אַלץ געזען ווי דורך אָנגעפּרוירענעם גלאָז, אָבער דער מענטש אין אים איז געווען באַוואוסטזיניק. אַ גרויס ליכט האָט געלויכטן אין אים. ער האָט אַלץ געזען, אַלץ געהערט.

איצט ווייס טעמקין אַז אַלץ איז פאַריבער, אַז די אַלטע טעג זיינען פאַרענדיקט. דעם נייעם וועג האָט ער נאָך ניט דערגרייכט. אָבער, ער ווייס, אַז ער וועט דאָס באַלד דערגרייכן און ווען זיין האַרץ וועט זיך אָפּשטעלן, וועט ער גיין באַרג אַרויף און פון דאָרטן וועט ער שוועבן אין די הימלען. דערנאָך וועט ער זיך באַהעפטן מיט גאָט. ער וועט ליגן ווי אַ קינד אין דער מאַמעס אָרעמס, פאַרמאַכן די אויגן און וועט זיין אין דעם לאַנד פון אייביקן פרידן.

# דזשים מיט די טויבן

אַ צעשויבערטע באָרד, לאַנגע סטענגעס, ווייסע האָר. דאָס פּנים פול מיט קנייטשן ווי אַ צעאַקערט פעלד, די קליידער הענגען ווי זעק. אָבער, די אויגן — בלויע און ליכטיקע, די ליפּן — קינדערשע, שמייכלענדיקע.

ער פלעגט קומען יעדן פרימאָרגן אין דריי־און־צוואַנציקסטער גאַס־פּאַרק, ביי פינפטער עוועניו, אין די גרעסטע היצן, אין די גרעסטע קעלטן. אין דער רעכטער האַנט אַ שטעקן, אין דער לינקער אַ טאָרבע שפּייז פאַר די טויבן. טאָג נאָך טאָג פלעג איך אים טרעפן גייענדיק מיט דראָבנע טריט, קוים שלעפּנדיק די פיס. יעדע פּאָר מינוט פלעגט ער בלייבן שטייך, זיך אָנשפּאַרן אָן שטעקן און שווער אָטעמען. ער פלעגט מיך באַגריסן ווי אַן אַלטן פריינט. „עס איז שווער, ברודערל. די פיס ווילן ניט דינען".

ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט, האָב איך ניט געוואוסט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער וועט אייביק זיך אַזוי שאַרן ביז דער ענדע פון דער וועלט.

ווען ער האָט דערגרייכט דעם פּאַרק, זיין באַנק, האָט ער זיך מיט גרויס מי אַוועקגעזעצט, אַרונטערגענומען דעם צעריסענעם קאָ־פּעליוש, אַוועקגעלייגט לעבן זיך. נאָר די טאָרבע שפּייז האָט ער ניט אַרויסגעלאָזט פון די הענט. אַ רגע פלעגט ער זיצן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָבער, באַלד האָט זיך דערהערט דאָס פלאַטערן פון די פייגל, טויבן און קליינע פייגעלעך. זיי זיינען ערשט געפלויגן אין אַ קרייז, דערנאָך אים אַרומגערינגלט, זיך באַזעצט אויף זיין שויס, אַנדערע זיך אַוועקגעזעצט אויף זיינע אַקסלען. אַ פּאָר פון זיי זיינען געשטאַנען אויף זיין קאָפּ, געפּאָכעט מיט די פליגלען און ווי געשפּילט זיך מיט זיינע ווייסע האָר...

זיין נאָמען האָב איך ניט געוואוסט, כאָטש איך בין געזעסן קעגן אים פילע פרימאָרגנס און זיך צוגעהערט ווי ער האָט גערעדט צו די טויבן. איך האָב אַפילו אַ בילד פון אים וואָס איז געווען געדרוקט

אין אַ זשורנאַל. עס ווערט דאָרט דערציילט די טשיקאַווע מעשה וועגן אים, און אונטער דעם בילד איז אונטערגעשריבן: „דער מענטש וואָס רעדט מיט פייגל״.

עס איז געווען אַ קאַלטער האַרבסט. אַ ווינט האָט געצופּט די פּאַרגעלטע בלעטער, און זיי געטראָגן אין אַ קאַראַהאָד דורך דעם פּאַרק. אָבער, ער איז ווי אַלע טאָג געזעסן אויף דער באַנק מיט דער טאָרבע שפּייז אין דער האַנט. איינגעהויקערט, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער, דער אַלטער קאַפּעליוש לעבן אים און די פייגל האָבן אים אַזוי פאַרדעקט, אַז מען האָט נאָר געקענט זען דאָס פאַרקנייטש פּנים און די ליכטיקע אויגן, וועלכע זיינען געווען פול מיט פרייד. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ הויפן אַלטע ברויט און די טויבן זיינען געפלויגן אין אַ קרייז, אַ כאַפּ געטאָן וואָס זיי האָבן געקאָנט, אַ הויב געטאָן זיך אין דער לופטן און צוריקגעקומען און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן זיינע פיס.

די טאָרבע איז אויסגעליידיקט, די מערסטע טויבן פאַרשוואַונדן. איינע איז געבליבן שטיין אויף זיין שויס, אַרויף אויף זיין אָרעם און אונטערגעברומט ווי זי וואָלט גערעדט צו אים. ער איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן ווי פאַרשטיינערט. ער האָט קוים געאָטעמט. מידקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין קערפּער. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער וועט שוין אַזוי אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק. אַז ער און די טאָרבע, די פייגל און דער גרויסער בוים איבער זיין קאָפּ וועלן אַזוי בלייבן ביז דער ענד פון דער וועלט, ביז דער שטויב פון דער ערד וועט פאַרשווינדן.

נאָר אַ פּאָר טויבן זיינען געבליבן און אַ פּאָר פייגעלעך האָבן זיך נאָך געדרייט אַרום זיינע פיס און געפּיקעוועט פון דער ערד וואָס איז נאָך געבליבן פונעם אַלטן ברויט.ביידע טויבן זיינען שוין ניט געווען קיין יונגע, איינע אַ בלויע, מיט ווייסע פעדערן און אַ רויטלעכן בויך, אָבער די אָפּגעקראָכענע פעדערן זיינען שוין געווען סימנים פון עלטער.

ער האָט געעפנט די אויגן און געקוקט מיט וואונדער אויף די טויבן, אויף די געלע בלעטער אונטער די פיס, אויף דיביימער און צווייגן וואָס זיינען שוין באַלד נאַקעט. אויף די שווערע וואָלקנס אָנ־געלאָדן מיט פייכטקייט און פאַרגליווערט אויף זייערע פּלעצער. ער האָט זיך דערמאָנט, וואו ער איז, אַ שמייכל האָט אויפגעלויכטן אין

זיינע אויגן. מיט דער האַנט האָט ער אַ פּיר געטאָן איבער די סטענ־געס ווייסע האָר, אַ גלעט געטאָן די טויב און זיך צערעדט: „שווער, טייערינקע, שווער. די פיס ווילן מיר מער ניט דינען. וואָס וועט זיין מיט איך, פייגעלעך מיינע, וואָס וועט זיין?"

ער האָט גערעדט צו דער טויב ווי צו אַ מענטשן. זי האָט זיך צוגעהערט צו אים, געביטן איין פיסעלע אויף דער צווייטער, אָבער, ניט אַוועקגעפלויגן.

„דו ווייסט, טייערינקע", האָט ער פאַרגעזעצט, „אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט שלאָפן. דער ווינט פון דעם האָדסאָן־ריווער האָט גע־וואָיעט מוראדיק. די פענצטער האָבן זיך געטרייסלט, די פינצטערניש איז געווען גרוילעך. מיר איז געווען קאַלט, ליבינקע, די אַלטע ביינער וואַרעמען מער ניט, און אינעווייניק ווי מייז וואָלטן געגריזשעט, גע־געסן מיין קערפּער. עס איז ניט גוט צו זיין אַליין. ניט גוט..."

דער וועטער איז געווען פייכט און רעגנדיק. ער האָט זיך גע־פּרואווט אויפהויבן פון באַנק און ניט געקאָנט. איך בין שנעל צוגע־לאָפן און אים געהאָלפן. ער האָט ניט געוואָרט זיך, מיך ניט געפרעגט ווער איך בין. ווען איך האָב אים געפרעגט וואו ער וואוינט, האָט ער מיר געגעבן דעם אַדרעס: עלפטע עוועניו און איין און צוואַנציקסטע גאַס. איך האָב אים גענומען אונטערן אָרעם, צוגעפירט צו דער דריי און צוואַנציקסטער גאַס, אין אַ טאַקסי אים אַוועקגעפירט אַהיים.

אַ פּאָר שטיגן, דערנאָך אַ פינצטערער קאָרידאָר. אַ מאַן מיט אַ רויטן אונטערהעמד האָט אַרויסגעשטעקט די קאָפּ פון אַן אָפענער טיר און אויסגעשריען: „פּור דזשים!" און דערנאָך שנעל פאַרשוואונדן. קינדערשע געשרייען האָבן זיך געהערט פון די אויבערשטע גאָרנס. דער גערוך פון שאַרפע שפּייז האָט אָנגעפילט יעדן ווינקל. דאָס גרילצן פון פאָנאָגראַף האָט צעריסן די לופט מיט אויסטערלישע טענער. ער האָט מיר געוויזן זיין טיר אַ ניט־פאַרשלאָסענע.

אַ רגע האָב איך זיך ניט גערירט. עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ שטיקעניש אין האַלדז. איך בין געווען געוואוינט צו אָרעמקייט, אָבער אַזוינס האָב איך נאָך ניט געזען. צוויי צימערן מיט איין פענצטער. אַ קוילן־אויוון און צוויי אַלטע שטולן. אַ טיש מיט אַ ביסל שפּייז, אַן עמער וואָס האָט אַמאָל געהאַט קוילן. אַ פּאָר קעסטלעך מיט שמאַטעס, אַן אַלטע ביבל מיט שוואַרצע טאָוולען. דאָס איז געווען זיין גאַנצע אָרעמקייט.

איך האָב אים באַגלייט צום בעט, געבראַכט אַ זעקל קוילן. ס׳איז ניט געווען קיין שפּייז אויסער דער גרויסער טאָרבע מיט אַלטע ברויט. איך בין נאָכאַמאָל אַרויס אין גאַס און געבראַכט עסן. דזשים איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און קוים געאָטעמט, דאָס פּנים איז געווען נאָס פון טרערן.

אין צימער איז געווען קאַלט און דומפּיק, און איך האָב זיך צוגעאײַלט מאַכן דעם אויוון. אָנגעוואַרעמט אַ ביסל מילך און אים געגעבן טרינקען. אַ שמייכל האָט באַלויכטן זײַן פּנים. די בלויקייט פון די אויגן איז צוריקגעקומען. איך בין געשטאַנען בײַ זײַן בעט, געפילט אַ גרויסע פרייד אין האַרצן. כ׳האָב אָנגעצונדן דאָס קעראָסין לעמפּל, די עלעקטריק איז געווען פאַרשלאָסן. איך בין אַ פּאָר מאָל אַרומגעגאַנגען איבער דעם צימער, געבליבן שטיין בײַ דעם איינציקן פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דער הינטערשטער זײַט פון הויז. אַ פּאָר אײַנגעפאַלענע ביימער מיט פאַרגעלטע בלעטער, רויטע, אָפּגעקראָכענע האָבן אָפּגעטיילט דאָס שטיקל ערד פון די אַנדערע געבײַדעס. אַ חוץ דעם זײַנען געווען אָנגעוואָרפן צעבראָכענע שטיינערנע בענק, מיסט און צעפאַלענע סטאַטועס.

איך האָב געמוזט גיין. פון די פּאָר שטונדן יעדן אָוונט ביים האָפן איז געווען גענוג צו צאָלן פאַר מײַן צימער און עסן כדי צו קענען שלעפּן די פיס. כ׳האָב אַרײַנגעשאָטן גענוג קוילן אַז דער אויוון זאָל זײַן וואַרעם אַ פּאָר שטונדן. דזשים איז צוריק אַרײַן אין בעט. כ׳האָב אים אײַנגעדעקט מיט די שמאַטעס. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. שטיל האָב איך פאַרמאַכט די טיר און אַרײַן אין האַלב־פינצטערן קאָרידאָר און זיך שיעור ניט אָנגעשטויסן אָן אַ מיידל וואָס איז געשטאַנען בײַ דער וואַנט ווי זי וואָלט געוואַרט אויף עמעצן...

„וואָס אײַלסטו זיך, בחור! כ׳קען פאַרברענגען מיט דיר. איך האָב אַלץ וואָס דו דאַרפסט, אַ וואַרעמע בעט..."

כ׳האָב בייז אַ לאַך געטאָן: „וואָס דו האָסט קען איך קריגן אָן געלט. גיי זוך אַנדערע מענער".

מיט אַ בייזן קוק האָט זי אַ שפּיי געטאָן און אויסגעשריִען: „גיי צו אַלע כאָליערעס! דו האָסט אַוודאי ניט קיין העמד אויפן לײַב!"

אין דרויסן איז געווען קיל און פײַכט. עס איז מיר ניט גוט געווען אויפן האַרצן. איך בין געגאַנגען פּאַמעלעך צום האָפן און געטראַכט פינצטערע געדאַנקען. „וואָס וועט זײַן פון דיר, מײַק? דו

וועסט זיין ווי אַ מויז אין אַ נאָרע, ווי אַ היימלאָזער הונט, ס'וועט זיך קיינער ניט צורירן צו דיר".

נאָך דער אַרבעט בין איך אַריין אין אַ סאַלון און געטרונקען ביזן פרימאָרגן. אין דער פרי בין איך אַרויס און מיט שווערע בלייענע פיס אַוועק אין פּאַרק. די זון האָט זיך ניט באַוויזן. מען האָט דעם הימל ניט געקאָנט זען. אַ טומאַן האָט זיך אין כוואַליעס געקייקלט פון וואַסער און אַלץ פאַרהוילן. פינפטע עווענין האָט זיך קוים אָנגעהויבן רירן. די מעטראָפּאָליטאַן געביידע איז מיט איר טורעם געשטאַנען פאַרלוירן אין די וואָלקנס. דער פּאַרק איז געווען ליידיק. דאָ און דאָרט האָבן זיך מענטשן דורכגעטראָגן מיט אויפגעשטעלטע קעלנער. איך האָב זיך איינגעוויקלט אין מיין מאַנטל, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. פון דער ווייטנס האָב איך דערזען די טאַרבע און דערהערט דינע, שאַרנדיקע טריט.

ס'האָט אים גענומען אַ היפּשע פּאָר מינוט צו דערגרייכן זיין פּלאַץ. די טויבן זיינען שוין געפלויגן אין אַ קרייז, און אַ טייל פון זיי האָבן אַפילו ניט געוואַרט ער זאָל זיך אַוועקזעצן און זיך אָנגעשטעלט אויף זיינע אַקסלען, אויף זיין קאָפּ. געפּאָכעט מיט די פליגלען, אים שיעור ניט אומגעוואָרפן. מיט גרויס מי האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, געמוטשעט אויפבינדן די טאָרבע. זיינע פינגער פאַרגליווערטע האָבן זיך קוים גערירט, אָבער די אויגן האָבן אויפגעלויכטן. דער קינדערשער שמייכל אויף זיינע ליפּן האָט זיך ווידער באַוויזן. די טויבן זיינען נאָכאַמאָל געפלויגן אין אַ קרייז. די צוויי עלטערע זיינען געבליבן זיצן אויף זיין שויס, ווען אַלע אַנדערע זיינען פאַרשוואונדן ערגעץ אין די הימלען.

די אויגן פאַרמאַכט פון מידקייט, די ווייסע האָר פלאַטערן פון ווינט, ער וויגט זיך הין און צוריק. מען האָט ניט געקאָנט וויסן צי ער שלאָפט אָדער ער איז פאַרזונקען אין געדאַנקען. פּאַמעלעך הויבט ער אויף זיין רעכטע האַנט, שאַרט אַוועק די האָר פון פּנים, און מורמלט עפּעס, מען קאָן קוים הערן. די טויבן הויבן אָן פּאָכען מיט די פליגלען און דזשים עפנט פּאַמעלעך די אויגן. אַ רגע ווייס ער ניט אין וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. ער דערזעט טויבן אָבער ער רירט זיי ניט אָן. דערנאָך רעדט ער שטיל:

„וואָס וועט ווערן פון אייך, טייערינקע? וואָס וועט איר טאָן אָן מיר? שוין מער ניטאָ קיין כוח. די ביינער טוען וויי. די פיס ווי ליים,

קענען זיך קוים באַוועגן. וואָס וועט זיין מאָרגן, ווייס איך ניט. שלעכט, ליבינקע, שלעכט! און די נעכט ציען זיך ווי סמאָלע? פון די ווינקלען שרייט דער טויט. איך האָב מורא צו שטאַרבן.

ווען איך בין צוגעגאַנגען און אים גענומען אונטערן אָרעם האָט ער זיך ניט געקאָנט אויפהייבן. ער איז געווען שטייף און פאַרפרוירן, געקוקט אויף מיר און געשמייכלט. אָבער איך בין גע־ווען זיכער אַז ער ווייס ניט ווער איך בין. איך האָב אים געהאָלפן זיך אַוועקשטעלן אויף די פיס און מיט אָנשטרענגונג אַריבער די דריי און צוואַנציקסטע גאַס. איך האָב אים אַריינגענומען אין אַ קאַפעטעריע וואו עס איז געווען געמיטלעך־וואַרעם, אים אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש, געבראַכט וואַרעמע עסן. ער האָט ניט געקאָנט אויפהויבן די לעפל. זיינע הענט האָבן געציטערט און האָבן דאָס עסן פאַרגאָסן אויף די קליי־דער. האָב איך אים געהאָדעוועט ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד. עס איז אים געווען שווער אַרונטערצושלינגען אַ ביסן. ער האָט אַוועקגעשטופּט מיין האַנט, אַ קראַנקן שמייכל געטאָן, געקוקט אויף מיר מיט פיבער־דיקע אויגן. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין אָרעם אויף מיין אַקסל, פאַר־מאַכט די אויגן און איינגעדרימלט.

איך האָב ניט געהאַט גענוג געלט צו נעמען אַ טאַקסי. אין דרויסן איז געוואָרן מילד, די זון האָט געשמאָלצן דעם שניי און ריטשקעס וואַסער האָבן געזילבערט און געלויכטן. מיר האָבן גענומען אַ דריי און צוואַנציקער אָמניבוס. דערנאָך זיך ביסלעכווייז געשלעפּט צו זיין הויז. מיר זיינען אַריבער די שוועל האָט דומפּקייט אונדז זיך געשפּאַרט אַנטקעגן. עס איז געווען טונקל און קאַלט ווי אין אַ קבר. איך האָב אים אַריינגעלייגט אין בעט מיט די קליידער, נאָר די שיך אַרונטערגענומען, אים איינגעדעקט מיט יעדער שמאַטע וואָס איך האָב געקאָנט געפינען. דער אויוון איז געווען קאַלט און קיין קוילן איז מער ניט געווען. כ'האָב געפילט ווי צו וויינען. דזשים איז גע־לעגן און גערעדט צו זיך אַליין אָפּגעריסענע ווערטער און געדאַנקען. איך האָב אַ טאַפּ געטאָן זיין קאָפּ, ער האָט געהאַט פיבער.

די טיר האָט זיך געעפנט און ס'איז אַריינגעקומען דאָס מיידל וואָס איך האָב באַגעגנט אין קאָרידאָר. זי איז געשטאַנען אַ מינוט ביים פענצטער און מיך אָנגעקוקט. אַ יונגע מיט אַ לאַנגן פּנים און קורץ געשאָרענע האָר. אירע ליפּן פיין פאַרמירט, די אויגן — ברוינע, וואַרעמע. זי איז צוגעגאַנגען צום בעט, צוגעלייגט איר אויער

צו דזשימס מויל הערן וואָס ער רעדט. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר, אַ בייזן קוק געטאָן און געזאָגט: „מיין נאָמען איז טערעזאַ. וואָס שטייסטו ווי אַ ליימענער גולם?"

„וואָס, צום שוואַרצן יאָר, ווילסטו זאָל איך טאָן? איך האָב אַ פּאָר פּעניס אין מיין קעשענע! קיינער וועט מיר גאָרניט געבן פאַר מיין שיין פּנים!"

„זיי ניט בייז, גולם! דו זעסט אויס ווי זיך באַלד צעוויינען. וואָס איז דיין נאָמען, בחור? דו האָסט אַ נאָמען — יאָ צי ניין?"

„מייק, האָב איך אַ זאָג געטאָן. דו פרעגסט צו פיל פראַגעס. דו ביסט נישט מיין ווייב!"

זי האָט אַ שמייכל געטאָן, זיך איינגעבויגן און אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר דאָלאַר פון אירע זאָקן. „נאַ, גיי אַרויס, קויף אַ זעקל קוילן און עסנוואַרג. דו זעסט אויס ווי אַ געפּגרטע קאַץ". זי האָט אויף מיר געקוקט מיט פאַראַכט. „כאָלעריע, פאַרשווינד ניט מיט די פּאָר דאָלאַר! איך קען דיין גלייכן!"

איך האָב איר ניט געענטפערט, בין שנעל אַרויס פון הויז. צוריקגעקומען אָנגעלאָדן מיט פּעקלעך, אַוועקגעשטעלט אַלץ אויפן טיש, גענומען דעם זאַק קוילן און אָנגעהויבן פאַרהייצן דעם אויוון.

זי האָט מיך לאַנג אָנגעקוקט און אַ ליכטיקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע ליפּן. „נו, זיי ניט בייז, בחור! איך האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט". עפּעס איז געווען צאַרט און קינדעריש אין איר שטימע.

„איך בין ניט בייז, טערעזאַ. דו ביסט אַ פיינע מיידל. עס איז מיר אַזוי ביטער אויפן האַרצן".

ס'איז געוואָרן וואַרעם און היימיש אין די צימערן. טערעזאַ האָט געגרייט עסן און פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ בליק אויף מיר.

איך האָב זיך געמאַכט ניט זעענדיק. אַ חוץ דעם בין איך געווען פאַרנומען מיט מיינע ביטערע געדאַנקען. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל אין גיכן מוזן פאַרלאָזן ניו יאָרק און גיין צוריק אַרבעטן אויף אַ שיף. און איך האָב געשאָלטן מיין מזל, וואָס איך מוז נאָכאַמאָל אָנהויבן וואַנדערן.

דזשים איז אַנטשלאָפן געוואָרן ווי אין אַ הינער־פּלעט. טערעזאַ האָט געפילט זיין פּולס, ווייל מיר האָבן געטראַכט, אַז ער איז שוין פאַרטיק. עס איז אָבער געווען אַ טיפער שלאָף. זיין געזיכט איז גע־

ווען ווי אַ קינדס. ער האָט עפּעס געמורמלט חלומען. זיינע ליפּן האָבן געשמייכלט. מיר זיינען געזעסן ביים טיש, פּרובירט עפּעס עסן. אָבער איך האָב ניט געקאָנט אַרונטערשלינגען קיין ביסן. איך האָב געזאָגט טערעזאַן, אַז איך מוז גיין צום האַפן און קריגן אַ פּאָר שטונדן אַרבעט. „טאָ גיי, מייק”, האָט זי געענטפערט מיט אַ טאָנלאָזער שטימע. „דו וועסט צוריקקומען, מייק? זאָג מיר צו, אַז דו וועסט”.

אירע ווערטער האָבן מיר אַ ריר געטאָן אין האַרצן. איך האָב אָנגענומען איר האַנט און שטיל געענטפערט: „איך וועל קומען צו־ריק. וואַרט אויף מיר, טערעזאַ!”

עס איז שוין געווען באַלד צוועלף ביינאַכט ווען איך בין צוריק־געקומען. טערעזאַ האָט מיר אָנגעקוקט און בייז אַ זאָג געטאָן: „וואָס ביסטו געקומען אַזוי שפּעט? לאָזט מיך איבער מיט אַ האַלב טויטן. איך בין שיעור פון זינען אַרונטער”.

איך האָב איר ניט געענטפערט, צוגעגאַנגען צום בעט און אַ קוק געטאָן אויף דזשימען. ער האָט קוים געאָטעמט. זיינע אויגן זיינען געווען אָפן און פייכט ווי זיי וואָלטן געווען פול מיט טרערן. נישט באַוואוסטזיניק געמורמלט מיט די ליפּן. איך האָב זיך איינגעבויגן איבער אים און קוים געהערט אַ פּאָר ווערטער. טויבן, פייגל, און אַ כאָרכלען פון זיין האַלדז. איך האָב געזען, אַז עס האַלט זייער שלעכט מיט אים, האָב איך געזאָגט טערעזאַן: „איך גיי רופן אַ פּאָליסמאַן, מען זאָל דזשימען נעמען אין אַ שפּיטאָל”.

ווען דער אַמבולאַנס מיט דעם דאָקטאָר זיינען געקומען האָט דזשים שוין קוים געזשיפּעט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער אויס־געגאַנגען ווי אַ ליכט.

פּאַרטאָג איז געקומען אַ ריזיקער נעגער, האָט אויפגעהויבן דזשי־מען, איבערגעוואָרפן אים איבער זיין אַקסל. אַ קאַלאָש האָט זיך פאַרקאַטשעט און אַ נאַקעטע פוס, אויסגעדאַרט, מיט געלע פלאַמעס האָט אַרויסגעשטעקט. אַ פּאָר סעקונדן שפּעטער איז אַלץ געווען פאָריבער.

מיר זיינען געבליבן אַליין אין דעם פייכטן צימער. דער אויוון איז פאַרלאָשן געוואָרן און די קעלט האָט אַריינגעדרונגען אין די ביי־נער. מיר האָבן זיך דערפילט פאַרלאָזן און איינזאַם. אָבער דער טאָג איז פאָרט געקומען, ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט.

# דאָס נאָטיץ־ביכל

דאָס נאָטיץ־ביכל האָב איך געפונען אויף אַ באַנק אין ברייענט פּאַרק. די טאָוולען צעריסענע, פאַרגעלטע בלעטער. די האַנטשריפט, אַ פיינע מיט דראָבנע אותיות.

עס איז געווען שפּעט אין אָונט. צוויי און פערציקסטע גאַס איז געווען פאַרלאָזן. דאָ און דאָרט זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַ פּאָר מענטשן מיט איילנדיקע טריט. אַ האַרבסטיקער ווינט האָט געבלאָזן און אַרונ־טערגעריסן די לעצטע בלעטער פון דיביימער. עס איז געווען קיל און פייכט און אַ פאַרוואָלקנטער הימל אָן שטערן. אַ פּאָר היימלאָזע האָבן געדרימלט אויף די בענק, אַלץ איז געווען מיד, שטיל און מען האָט געהערט דאָס רוישן פון דער שטאָט.

איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דעם. אַ פּאָר טעג שפּעטער בין איך געזעסן ביים האַדסאָן און זיך געוואַרעמט אין דער האַרבסט זון. איך האָב אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע, אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס, דאָס נאָטיץ־ביכל איז געלעגן און ווי געוואַרט אויף מיינע פינגער דאָס אָנצורירן.

„מיין צימער איז אַן אָרעמער. אַ בעט, עטלעכע שטולן, אַ שוואַר־צער טיש מיט אָפּגעקראָכענער פאַרב. אַ קליין אויוועלע און אַ פּאָר ביכער, בילדער אויף די ווענט אין שוואַרצע ראַמען. אַ גרויסער פענצטער קוקט צו דער פערצנטער גאַס. בייטאָג הערט מען דאָס קלאַפּן פון די שווערע וועגענער וואָס פירן פאַרשיידענע זאַכן צום האַפן, ביינאַכט שרייט די שטילקייט און מען הערט די כוואַליעס קלאַפּן אָן ברעג פון האַדסאָן.

„דינסטאָג, דעם פערצנטן נאָוועמבער ; עפּעס האָט פּאַסירט מיט מיר זינט מיין ווייב איז געשטאָרבן. איך בין אַזוי אומרואיק. מיינע צימערן האָב איך געמוזט פאַרלאָזן, עס האָט מיר צופיל דערמאָנט אָן איר. דאָס מעבל האָב איך פאַרקויפט. אַלע איבעריקע זאַכן האָב

איך אַוועקגעגעבן. אַפילו די ביכער און די בילדער האָב איך ניט געוואָלט מיטנעמען מיט זיך.

„דינסטאָג, דעם פערטן דעצעמבער: היינט האָב איך געאַרבעט אַביסל. איך דאַרף ניט דאָס געלט. אָבער, דאָס געפיל פון זיין נוצלעך איז זייער וויכטיק פאַר מיר. איך בין אָפּגעשיידט פון אַלעמען און בין אַליין. איך האָב קיינעם ניט אין ניו יאָרק. איך בין פרעמד און איינזאַם. אפשר האָב איך ניט געדאַרפט פאַרלאָזן סאַן פראַנציסקאָ און קומען אַהער?... אָבער, איך האָב עס געמוזט: די גאַסן, די מענטשן, די הייזער האָבן מיר צופיל דערמאָנט אָן אים!

„היינט איז דער ערשטער יאַנואַר. איך פיל ווי ניט אַרויס אין גאַס. עס איז כמורנע. מען זעט קוים דעם הימל. איך האָב פּרובירט לייענען, נאָר די ווערטער טאַנצן פאַר די אויגן. איך וויג זיך הין און צוריק אין מיין שאָקל־שטול. איך טראַכט, אַז מיינע שפּורן זיינען פאַרווישט געוואָרן און איך ווייס מער ניט ווער איך בין. געבוירן געוואָרן בין און דרייסיק יאָר צוריק. מיין נאָמען איז היימאַן בער־לינסקי. מיינע עלטערן האָב איך קוים געקאָנט. זיי זיינען געשטאָרבן יונג, ווען איך בין נאָך ניט געווען קיין פיר יאָר. ווען ניט זייערע חופּה־בילדער, וואָלט איך קיינמאָל זייער געשטאַלט ניט געקאָנט. דער טאַטע — אַ בלייכער מיט פּעך שוואַרצע האָר און גרויסע ברעמען, די מאַמע — מיט אַ זיס פּנים, צוויי צעפּ הענגען אַרונטער ביז דער טאַליע. זי איז אַזוי הויך ווי דער טאַטע.

„דער צוויי און צוואַנציקסטער יאַנואַר: היינט בין איך אויפגע־שטאַנען זייער פרי, ניט געקאָנט מער אַנטשלאָפן ווערן. דער שניי פאַלט אָן אויפהער. די שויבן פאַרדעקט, מען זעט ניט קיין דרויסן. איך טראַכט וועגן מיינע קינדער־יאָרן. אַ ליטוויש שטעטל פלאַך און קאַלירלאָז. דאָס לעבן טריפט ווי טראָפּנס וואַסער פון אַ קראַן. זיי פאַלן פּאַמעלעך, אָן אַ ציל, אָן אַ צוועק. אין מיטן שטעטל — אַ הויף. אַרום און אַרום שולן און קלויסטערס. נאָך, אַ שמאָלע גאַס, אין ביידע זייטן — ביימער. פּויערים און ווייבער און הענדלערס, מען טומלט, מען רוישט. מען קויפט, מען פאַרקויפט. אַפילו ביינאַכט, אין דער טויטער שטילקייט און גליווער, קאָן מען הערן דעם טומל פון דעם טאָג.

„פאַרנאַכט, ווען די זון פאַרגייט, הערט מען דאָס קליגנען פון די גלעקער און די גרויסע טירן פון די קלויסטערס צעפּראַלן זיך און רופן אַלעמען צו זיך. פון די שולן הערט מען די שטימען פון

די יידן וועלכע דאַוונען שוין מעריב, און אַן אומעט פאַרשפּרייט זיך איבער די גאַסן און געסלעך. מען הערט פון די בלאָטעס דאָס קוואַ־קען פון זשאַבעס. אַלץ איז פאַרגליווערט און פינצטער. אַפילו ווען די שטערן און די לבנה שיינען אין הימל, וואַגט מען ניט אַרויסצוגיין אין דרויסן. שדים ליגן באַהאַלטן אין די ווינקעלעך און וואַרטן און לויערן אויף מענטשלעכע קינדער.

„דער ערשטער פעברואַר: איך דערמאָן זיך, אַז איך בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע ווען איך בין אַלט געווען צען יאָר. איך געדענק מיין פעטער אליהו. איך געדענק ווי ער האָט מיך געהאַלטן פאַרן האַנט און מיך געפירט איבער די ניו יאָרקער גאַסן. איך געדענק, אַז ס'איז געווען פאַרנאַכט נאָך אַ ווינטער רעגן. דאָס עלעקטרישע ליכט האָט אָפּגעשיינט אויף די טראָטואַרן. איך האָב געקוקט פאַרגאַפּט אויף די הייזער און טורעמס. נאָר אין מיין זכרון זיינען געבליבן בילדער פון גרינעביימער וואָס זיינען געוואַקסן איןביידע זייטן. איך געדענק ווי אַ יונגע מיידל האָט געפירט אַ גרויסן הונט און האָט אַ שמייכל געטאָן צו מיר. איך געדענק די באַלויכטענדע פענצטער פון די קראָמען. איך געדענק אַן אַלטן בלינדן בעטלער וואָס האָט געשפּילט אויף אַ גיטאַרע, געזונגען...

„דער דרייסיקסטער פעברואַר: עס איז נאַס און קלעפּיק אין דרויסן. איך האָב אַרומגעוואַנדערט ביי די האַפּנס און ניט געוואָלט גיין אַהיים. זיך באַקאַנט מיט אַ מאַטראָז און געטרונקען מיט אים אַ ביר. עס איז שוין שפּעט ביינאַכט. דאָס הויז איז שטיל. איך בין אומרואיק און אַליין. איך וואָלט זיכער געלאָפן אין גאַס, איך בין אָבער מיד. פון האַדסאָן הערט מען דאָס רעווען פון שיפן. דורך די פענצטער זעט מען גאָרניט. אַלץ איז צוזאַמענגעשלאָסן אין פינצטערניש. אימיצער זינגט אין איינעם פון די צימערן, אין לאַנגן קאָרידאָר. און איך פיל אַ נאָענטקייט מיט דעם זינגער. איך בין אים דאַנקבאַר ווייל ער צעשטערט מיין אַליינקייט.

איך ליג איינגעדעקט מיט אַ וואַרעמע קאָלדרע. די ראַדיאָ ביים בעט ברענגט אַריין די מוזיק פון שובערטס ניט געענדיקטער סימפאָניע. עס איז מיר אומעטיק ביז צום וויינען! סאָניע איז ניטאָ! ניטאָ די וואַרעמקייט פון מיין ווייבס קערפּער! ניטאָ ווער עס זאָל זיך טוליען צו מיר! ניטאָ אירע האָר וועלכע זאָלן גלעטן מיינע באַקן, ניטאָ דאָס געפיל, אַז אימיצער איז אַזוי נאָענט צו מיר. פאַר מיר איז

אַלץ פוסט, און דאָס לעבן איז מער ניט ווי אַ פאַרגייענדיקער קלאַנג. ווער בין איך? און וואָס בין איך? וואָס איז דער אָנפאַנג און וואָס וועט זיין די ענדע? וואוהין וועט מיין פאַרנעפּלטער וועג פירן?...

„דעם פערטן מערץ: איך האָב היינט אַרומגעוואַנדערט אויף דער 'איסט סייד'. איך האָב זיך געשלעפּט איבער די גאַסן. אַ מילדע זון שיינט און וואַרעמט. די קינדער טומלען און טאַנצן. דער טאָג איז פאַריבער. נאַכטיקע שאָטנס שפּרייטן זיך. עס איז פּרייטיק פאַרנאַכט און דורך די שויבן זעט מען אָנגעצונדענע ליכט. אין די הייזער רוט די שכינה. יידן גייען מיט דראָבנע טריט אין שול אַריין. עס איז שבת און מען דאַרף זיך ניט איילן.

איסט בראָדוויי ווערט ליידיקלעך. די גאַסן ווערן באַהויכט מיט דעם אָטעם פון יום־טוב. מענטשן איילן זיך אַהיים צו זייערע ווייבער און קינדער. אימיצער וואַרט אויף זיי און זיי געהערן צו אימיצן. נאָר איך, ווי אַ נאַכטיקער שאָטן, בין אַליין.

„דער צענטער מערץ: עס איז שפּעט ביינאַכט. דער ווינט רייסט די פענצטער. עס איז קיל אין צימער. איך זיץ אין וויג־שטול און פּרוביר דרימלען. נאָר איך פיל ווי פאַרפרוירענע פינגער טאַנצן אי־בער מיין לייב. איך וויקל זיך איין אין אַ קאָלדרע און פיל בע־סער. איך האַלט די אויגן פאַרמאַכט, נאָר עס העלפט ניט. איך טראַכט, אַז איך הער דאָס קלאַפּן פון די כוואַליעס אין דעם הילצערנעם האָפן. מיט אָט די געדאַנקען וויקלען זיך אויף פאַר מיר בילדער פון מיין קינדער־היים. איביק אַליין. אַ שטעטל איינגעוויקלט איןביימער. הייזלעך ווי הויקערס, איינגעבויגן צו דער ערד.

איך דערמאָן זיך מיטאַמאָל וועגן סאָניען. איך שטיי ביי איר בעט און זי האַלט מיין האַנט. איך בידער אַרונטער אויף די קני און בויג אַרונטער מיין קאָפּ. איך וויל ניט, אַז זי זאָל זען מיינע טרערן. די קראַנקן־שוועסטער זיצט אויף אַן אַנדערער זייט פונעם פאָרהאַנג. איך הער איר אָטעמען ווי זי וואָלט געשלאָפן. איך אַליין מיט סאָניען. דער אָטעם פון האָספּיטאַל, די שאַרענדיקע טריט אין קאָרידאָר, אַלץ גיסט זיך צוזאַמען אין אַ סימפאָניע פון טויט.

„דאָס איז געווען די לעצטע נאַכט. זי איז געווען באַוואוסטזיניק ביז צום לעצטן אָטעם. זי האָט געשמייכלט צו מיר און געגלעט מיין פּנים. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זי ווייס, אַז זי שטאַרבט. זי

רעדט געלאָסן און וועגן איר קינדהייט. דערמאָנט זיך קינדערשע פּאַ־סירונגען און געשמייכלט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן אין אַ רגע און מער זיי ניט געעפנט. זי איז געבליבן ליגן אַ רואיקע, אירע ליפּן זיינען פאַרשטייפט געוואָרן און דאָס פּנים איז געווען פאַרגליווערט. אַלץ איז געווען פאַריבער. איך האָב אַריינגערופן די קראַנקן־שוועס־טער. זי האָט געבראַכט דעם דאָקטאָר. איך האָב געוואָרט ביז מען וועט איר קערפּער אַרונטערנעמען אונטן. דערנאָך בין איך אַרויס אין גאַס.

„היינט איז דער צענטער מאַי. איך בין געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין 'צענטראַל פּאַרק' און זיך געוואַרעמט אונטער דער מילדער זון. איך האָב זיך ניט וואָס צו איילן, און וואו צו גיין. איך האָב ניט וועגן וואָס צו טראַכטן. איך האָב דאָס געפיל, אַז אַלץ איז שוין פון פריער באַשטימט. אַזוי וועט זיין! איך וועל אַפילו פאַרלוירן ווערן אין דעם שטויב פון צימער. די טיר וועט זיין פאַרהאַקט און איך וועל ליגן אין אַן אייביקן דרימל אָן חלומות און אָן באַוועגונג. מיר ווערן גע־בוירן מיט געשרייען און שטאַרבן אין שווייגן. פון דער מאַמעס טראַכט צו דער אייביקייט. פון עפענען די אויגן און דערזען דאָס ליכט צו דער אייביקער פינצטערניש און ניט זען.

„דעם צענטן מאַי: איך זיץ אַליין אין מיין צימער און טראַכט און וואונדער זיך וואָס מיט מיר האָט היינט פּאַסירט. איך שרעק זיך אַביסל, ווייל איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין! איך וועל מוזן זען אַ דאָקטאָר און אים דערציילן די גאַנצע מעשה. עפּעס איז ניט גוט מיט מיר. איך שרעק זיך צו טראַכטן וועגן דעם...

„סענטראַל פּאַרק". אין דעם טייך מינינדיקע וואַסערן וואָס שטראַלן מיט זון. די באַנק איז פאַרהוילן אונטער אַ צודעק פון אַראָפּ־הענגענדיקע צווייגן פוןביימער. איך בין אַליין און דרימל מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן. איך הער דאָ און דאָרט אַ וואָרט אָבער איך קאָן זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן. איך בין האַלב וואַך און וויג זיך צווישן חלום און רעיאַליטעט. מיט אַמאָל איז אַלץ שטיל געוואָרן. דאָס ווינטל וואָס האָט געשאָקלט די צווייגן האָט מיך פאַרוויגט און איך בין אַנט־שלאָפן געוואָרן. מיט אַמאָל האָב איך געעפנט די אויגן און אַלץ איז געווען אַנדערש. עס האָט מיר גענומען אַ מינוט איידער איך האָב געקאָנט באַשליסן, וואו איך בין אין דער וועלט.

„איך זיץ אין גאָרטן אין מיין הויז אין סאַן פראַנציסקאָ. אַלץ

איז גרין. אַלץ איז זוניק. ווייס געפּאַרבטע שטאַכעטן, בלומען און ביימער. איך זע די גרויסע פענצטער פון הויז, דעם דאַך מיט די שינדלען. אַ ווייס זאַמדיקער וועג און ביי די זייטן, רויט געפּאַרבטע שטיינער. סאָניע קומט אַרויס פון הויז און קוקט צו מיר. אַ בלימענ־דיק קליידל אָן אַרבל, אַ הויכע, אַ שלאַנקע. די האָר פאַרקאַמט אַרויף. די אויגן שוואַרצע ווי אירע האָר. דאָס פּנים זוניק, פאַרברוינט. די ליפּן רייף און פריידיק. דער ערשטער חודש נאָך אונדזער חתונה. אין אַ מאָמענט איז אַלץ פאַריבער. און איך האָב נאָכאַמאָל געקוקט אויף דעם טייכל פון ׳סענטראַל פּאַרק׳.

„היינט איז דער ערשטער יוני. איך בין געקומען אַהיים שפּעט ביינאַכט. איך האָב ניט געמאַכט דאָס ליכט. איך בין געבליבן זיצן אין וויג־שטול ביז דאָס ערשטע ליכט פון פרימאָרגן האָט זיך באַ־וויזן אין די פענצטער. איך האָב זיך געוואונדערט וואָס האָט פּאַ־סירט מיט מיר. איך קאָן ניט פאַנאַנדערקלייבן מיינע געדאַנקען. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז זיך פאַרטרויען אַ דאָקטאָר. אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר די לעצטע צייטן איז אַ רעטעניש. איך הויב זיך אָן צו שרעקן פאַר דעם מאָרגן.

„איך בין צו קיין דאָקטאָר ניט געגאַנגען. איך פיל ווי איך לעב אין אַ חלום און וויל ניט אויפכאַפּן זיך. נאָכאַמאָל האָט מיט מיר פּאַסירט דאָס זעלבע. איך ווער פאַרלוירן אין צייט. איך וואַנדער אַרום און איך ווייס ניט וואָס וועט זיין מיט מיר.

„דער צענטער יוני: איך ווייס ניט וואו איך בין געווען היינט דעם גאַנצן טאָג. איך ווייס ניט וואָס צו טאָן. איך זיץ אין מיין וויג־שטול און האָב מורא זיך צו רירן. איך בין אַרויס פאַרטאָג פון הויז אין אַ געהויבענער שטימונג. פאַר די לעצטע פּאָר טעג איז אַלץ געווען ווי עס דאַרף צו זיין. איך האָב געפילט אַ גרויסע פרייד אין האַרצן. אין דרויסן האָט אַ מילדע זון געשיינט. דער הימל איז געווען בלוי און אויסגעוואַשן פון דעם ביינאַכטיקן רעגן. איך האָב שפּאַ־צירט פּאַמעלעך און געטראַכט: ווי וואונדערלעך איז גאָטס וועלט. איך בין געזעסן אין אַ קליינעם פּאַרק, ניט ווייט פון האָדסאָן און גע־שמעקט דאָס געזאַלצענע וואַסער וואָס דאָס ווינטל האָט געבראַכט. שפּעטער בין איך אַריין אין אַ רעסטאָראַן און געטרונקען קאַווע און געגעסן האַרציק. איך בין צוריק אַרויס אין דרויסן און געוואַנ־

דערט ביים האַפּן. און פּלוצעם — האָט זיך אַלץ געביטן און איך האָב ניט געוואוסט וואו איך בין...

„איך בין געשטאַנען אויף אַ בערגל און אַרונטערגעקוקט צום טאָל. אונטן איז אַלץ געווען גרין. ביי די זייטן, יונגע בערעזענע ביימעלעך. אין הינטערגרונט, ביי דעם האָריזאָנט — בערג פון גרויען שטיין. און דאָ און דאָרט אַ בוים. עס איז מער ניט געווען קיין סימן פון לעבן. ניט קיין פייגל אָדער אינזעקטן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך קוק אויף אַ בילד און ניט אויף דער רעאַליטעט. נאָר וואָס טו איך דאָ אין דער פאַרגליווערטקייט? פאַרוואָס איז דער הימל אַזוי אומנאַטירלעך בלוי? פונקט ווי אַ מאָלער האָט אַזוי דאָס אַלץ אויסגעמאָלט. פאַרוואָס האָט מען מיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן אין דער פרעמדער מאָדנער וועלט?...

„אַ מידער האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף דער נאַקעטער ערד. איך בין געווען מיד און אַלץ אין מיר איז געווען אָנגעפּילט מיט גרויען טויט. איך האָב געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק. איך האָב געהאַט אַ געפיל, אַז איך בין קיינמאָל ניט געבוירן געוואָרן. קיינ־מאָל ניט געלעבט. אַז מיין גאַנץ לעבן איז מער ניט ווי אַ פּיקציע, אַן אויסגעטראַכטע מעשה, וואָס עס האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט. איך האָב ניט געקאָנט טראַכטן פון מידקייט, איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און אייַנגעדרימלט.

„דער צוואַנציקסטער יוני: איך האָב באַשלאָסן ניט צו פאַרלאָזן די פיר ווענט פון מיין צימער. איך האָב מורא אַרויסצוגיין אין גאַס. איך ווייס ניט וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט. טאָג נאָך טאָג ווערט ערגער. נעכטן בין איך שיעור ניט געהרגעט געוואָרן פון אַן אויטאָ־מאָביל. עס איז צו שפּעט צו גיין צו אַ דאָקטאָר, צו שפּעט צו טאָן עפּעס וועגן דעם. איך בין צו מיד צו ווערן זיך קעגן דער אומפאַר־מיידלעכקייט. איך דענק, אַז עס איז בעסער אַזוי. וואָס איז דער אונ־טערשייד אין וועלכער ווירקלעכקייט איך וועל וואַנדערן?...

„מיין קליין אָרעם שטעטל. די קאַשטאַנען ביימער, די ליפּקעס, דער טייך מיט קריסטאַל קלאָרער וואַסער. אונדזער איינגעהויקערט הייזל מיט דעם שטרויענעם דאַך און ליימיקער פּאָדלאָגע. די וועלדער, די פעלדער, די ווינט־מילן. די קאַלטע שול מיט די גרויסע פענצטער, דער געשריי פון מאַרק, אונדזער גאָרטן. ווילדע בלומען. די קינדער טאַנצן אַ ווילדן קאַראַהאָד. איך זע אַלץ מיט אָפענע אויגן.

„דער פופצנטער אָקטאָבער: ניטאָ זיך וואָס צו באַהאַלטן אין מיין צימער. קיינער קאָן מיר מער ניט העלפן. אַ ריזיקע האַנט שלעפּט מיך אַוועק פון דערווירקלעכקייט. איך חלום מיט אָפענע אויגן און ווייס ניט וואו איך בין. איך ווער פאַרצערט פון פיבער און מיינע אויגן לייכטן מיט אומנאַרמאַלן גלאַנץ. ווען איך קוק דורך דעם פענצטער זע איך מער ניט די גאַס.

„נאָר געוויסע סעקונדן קאָן איך געפינען זיך אַליין. שטילע טריט צו דער פאַרגאַנגענהייט. אַ וויגעלע וואָס הענגט אַראָפּ פון דער סטע־ליע. איך האַלט זיך אָן מיט מיינע קליינע הענטעלעך אין די שטריק און מרוקע עפּעס. די זון שטראָמט דורך דעם פענצטער און הילט איין דאָס צימער מיט פריידיקייט. איך זע די צעבליטעביימער און אַ פּאַס פון הימל. נאָר דאָס אַלץ פאַרשווינדט און איך בין נאָכאַמאָל אַליין. די סצענע איז פאַרשוואונדן און אַלץ וואָס איז געווען איז מער ניטאָ.

„איך זע אַ זוניק פעלד מיט הויכן גראָז. ביים סוף פעלד — אַ ווינט־מיל. אַ ווינטל בלאָזט און דרייט די פליגלען. בהמות פּאַשן זיך און גריזשען דאָס גראָז פּאַמעלעך, הייבן אויף די קעפּ און קוקן אַרויף אויף מיר און הייבן אָן מרוקען. ניט ווייט פון מיל אַ רויט געפאַרבט הויז. אַ מיידעלשע געשטאַלט וואָס קוקט פון דער ווייטנס אויף מיר און פאָכעט מיט די הענט ווי זי וואָלט מיך גערופן צו זיך.

„איך שפּאַן שנעל און מיט גרויסער דערוואַרטונג. איך ווייס, אַז דאָרטן וועל איך געפינען דעם פרידן נאָך וואָס מיין האַרץ הונגערט. מאָדנע, דאָס ערשטע מאָל, אַז עס איז ניטאָ קיין שרעק אין מיר. אַ סעקונדע צוריק בין איך געזעסן אין ברייענט פּאַרק און געקוקט ווי דער הימל צינדט זיך אָן פון דער פאַרגאַנגענער זון. געקוקט אויף די ביימער מיט די לעצטע בלעטער געפאַרבט אין גאָלד. געזען די מענטשן פאַרבייגייענדיק מיט איילנדיקע טריט. איך האַלט דאָס נאָטיץ־ביכל שטייף אין מיינע הענט און איך שרייב די לעצטע פּאָר ווערטער. איך ווייס, אַז צוריק וועל איך שוין מער ניט קומען. מער ניט קומען!"

מיט אָט די פּאָר ווערטער האָט זיך דאָס נאָטיץ־ביכל פאַרענדיקט. עפּעס האָט געגרווילט אין מיר אַ שרעק. אַ דראָבנע האַרבסט רעגן האָט אָנגעהויבן פאַלן און מיט שאַרבדיקע טריט און אַ שווער האַרץ בין איך אַוועק אַהיים.

# דער לעצטער חלום

פּאָול הימעלפאַרב איז אַרויס אין גאַס. ער איז געשטאַנען און איינגעאָטעמט די קאַלטע, שנייאיקע לופט. דער פרימאָרגן האָט זיך נאָך אינגאַנצן ניט אויסגעשיילט פון דער פינצטערניש. אַ דינער שלייער פון שניי האָט פאַרדעקט די הייזער און די גאַסן. די פּאָר ביימער קאַלט און נאַקעט, און די צווייגן, די קאַלטע פינגער, האָבן זיך געריסן צום הימל.

די גאַס האָט אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון לעבן. דאָ און דאָרט האָבן זיך איינציקע מענטשן געשלעפּט צום האַפן אָנצוהויבן זייער טאָג אַרבעט. טראָקס אָנגעפּילט מיט משא האָבן זיך באַוויזן. די רעדער האָבן געדונערט איבער דעם אַספאַלט, זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם אָטעם פון שטאָט.

פערצנטע גאַס האָט זיך נאָך ניט אויסגעטשמורעט. דאָ און דאָרט האָט דאָס עלעקטרישע ליכט געשפּיזט דורך די שויבן. הימעלפאַרב האָט זיך געטוליעט צו די הייזער, פאַרלוירן געוואָרן אין דער האַלב־גרויקייט פון פרימאָרגן.

ער האָט זיך ניט געהאַט וואָס צו אײַלן, אָדער אַוואו צו גיין. ער איז אַנטלאָפן פון דעם דומפּיקן צימער, פון דעם אייביקן מורמלען פון די ווענט. אַנטלאָפן פון די שאָטנס וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די ווינקלען. ער האָט זיך געפילט ווי אַ פרעמדער דאָרטן. קיין דירה־געלט שוין לאַנג ניט געצאָלט. און מיסיס היגינס האָט פאַרביסן גע־שוויגן. זי איז געווען דאַר ווי אַ ברעט. אַ פלאַמיקער קאָפּ האָר מיט אַ סך קאָלירן, נאַסע אויגן, און פייכטע, הונגעריקע ליפּן.

פּאָול האָט ניט געוואוסט ווי לאַנג ער וועט בלייבן אין הויז. ניט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם. אַ דומפּיקע פאַרגליווערטקייט האָט אָנגעפילט זיין קאָפּ. ער האָט ניט געוואוסט ווי לאַנג ער וועט זיך נאָך אַרומשלעפּן אויף דער וועלט. ניט געוואָלט מער גיין אין שפּי־טאָל און פילן ווי אַ בעטלער. אויב דער טויט וועט קומען?... ניין! —

ער וויל ניט שטאַרבן!! ער איז אָבער צו מיד צו לעבן, צו מיד צו שלעפּן די פיס.

דאָס הויז איז ניט ווייט פון האַפן. די לופט איז אָנגעפילט מיט דעם גערוך פון דעם געזאַלצענעם וואַסער פון „האָדסאָן ריווער". די ציגל גרוי און אָפּגעקראָכן. צוויי שטאָק מיט אַ סך צימערן, אַ לאַנגער קאָרידאָר, שמאָל און טונקל. מענטשן פרעמדע, מאָדנע קוקן מיט פאַרדאַכט איינער אויפן אַנדערן. אייביקע בייטונג. קומען און גייען. פון וואַנען און פאַרוואָס?... אָבער, אַ טייל זיינען שוין אין הויז יאָרן־לאַנג. שוין צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער גרויקייט פון די ווענט. וועלן שוין דאָ בלייבן ביז דעם לעצטן מאָמענט פון זייער לעבן.

אַ קליינער שטאָט־גאָרטן צווישן ריזיקע געביידעס. הויכע טורעמס שטעכן דעם הימל, פאַרלירנדיק זיך אין די וואָלקנס. פענצטער מיט ליכטיקער אָפּשיין פאַרלירן זיך אין נעפּל. די טויערן מיט די לאַנגע קאָרידאָרן זיינען שוין אָפן. אַרבעטער שלעפּן זיך און ווערן דאָרטן פרשלונגען. פאַרבלייבן דאָרטן ביז דאָס ליכט וועט אויסצאַנקען, ביז דער טאָג וועט זיך אויסבלייכן און פאַרגיין.

ער בלייבט שטיין פאַר אַ מאָמענט און קוקט אַרויף אויף די טריפנדיקע ביימער, אויף דעם נאַסן הימל דורך וועלכע דאָס טאָג־ליכט שפּאַרט זיך.

דריטע עוועניו! דער עלעוויטאָר־בריק איז שוין מער ניטאָ. ביי דער צענטער גאַס בלייבט ער שטיין און קוקט אָן די גרויקייט. עפּעס פילט ער, אַז ער באַלאַנגט דאָרט. ער ווייס, אַז זיין לעבן וועט זיך ענדיקן דאָרטן. ער וועט ליגן אויף דעם טראָטואַר מיט אַ צעכראַסטעטער ברוסט, מיט אַ שמוציקן פּנים, זיך וואַלגערן אין מיסט. אָדער ער וועט שטיין מיט אַ גרופּע שיכורים און זיך טיילן מיט אַ פלעשל ביליקן שנאַפּס. און די ענדע?... אַ פרימאָרגן ביי אַ מיסט־קאַסטן. מיטן פּנים אַרונטער, ווי אַ געפּגרטע קאַץ. עס וועט מער ניט זיין קיין הימל, ניט קיין ערד. ניט קיין זוכן, נאָר אייביקע נאַכט. אַלץ וועט פאַרווישט ווערן. אַ גרוב אין „פּאָטערס פעלד". אַ נומער אָנשטאָט אַ נאָמען. ערד צו ערד. גאָרנישט.

די גאַנצע נאַכט איז ער ניט געשלאָפן. דער הונגער האָט אים ווי אַ דומפּער מעסער געשניטן אין בויך. ער האָט ניט געקאָנט בעטלען. די גאַנצע משפּחה פון איין טייג געקנאָטן. אַזוי זיינען געווען טאַטע־מאַמע. אַזוי איז ער. געטראָגן די לאַסט פון לעבן און זיך ניט גע־

קלאָגט. זייער היים אויף ריווינגטאָן גאַס. שטיינערנע טרעפּ און פינצטערע קאָרידאָרן. קליינע לעמפּלעך הענגען אַראָפּ פון מעשענע לאָמפּן. אויפן פערטן גאָרן זיינען געווען זייערע צימערן. די פענצ־טער פול מיט ליכט. אַלץ ריין און ציכטיק אויפגערוימט ווי פאַר אַ ינם־טוב. עס איז געווען אַ געבענטשטע הויז — אַ געבענטשטע הויז!

דער טאַטע איז געווען אַ מעבל־אַרבעטער. אַ פיינער בעל מלאכה. אין זיין פרייער צייט האָט ער געהאַלטן אין איין שניצן הילצערנע פיגורן. זיי האָבן באַצירט יעדעס ווינקל פון הויז. זיינע פינגער זיינען געווען קרעפטיקע, שפּילנדיקע, ווי זיי וואָלטן געטאַנצט אַרום דעם האָלץ. ער האָט געהאַט פעך שוואַרצע האָר, אַ סך קנייטשן אויפן שטערן, גרויסע אויגן און שווערע ברעמען. זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט חלומות.

די מאַמע איז געווען אַ בלייכע, בלוטלאָזע ליפּן און אויגן וואָס האָבן געדרימלט אין טיפקייט. זי איז געווען העכער פון מיטעלען וואוקס. אַ מיידלשע פיגור מיט אַן אויסגעטאָקטן קערפּער. זי האָט זעלטן געשמייכלט, זעלטן געלאַכט. זי האָט אים דערמאָנט אָן אַן אויסגעבלייכטן פרימאָרגן, ווי אַן אויפגייענדיקער טאָג.

טאַטע־מאַמע זיינען געווען זייער פרומע. דער גאַנצער זין פון זייער לעבן איז געווען די פאַרקערפּערונג אין גאָט. אַ דערהויבונג צו געטלעכקייט! דאָס גאַנצע לעבן איז מער ניט ווי אַ קאָרידאָר צו דעם הויז וואו דער גרויסער גייסט געוועלטיקט. אַז די ווירקלעכקייט פאַנגט זיך אָן דאָרטן, ערגעץ אין די הימלען. אַז דאָרטן וועלן זיי גע־פינען אַ צאַפּלענדיקע פרייד און רו. אַז די ענדע איז דער אָנפאַנג. אַז דער גייסט וועט אייביק זיין, אייביק.

די מאַמע איז געשטאָרבן ווען ער איז אַלט געווען פופצן יאָר. ער געדענקט ווי ער און דער טאַטע זיינען געשטאַנען ביי איר בעט פאַרשטיינערט. דער טאַטע האָט געהאַלטן אין איין ווישן די אויגן. ער איז געשטאַנען ביים בעט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. עס איז גע־ווען אין אַ פרימאָרגן. די זון האָט אָנגעפילט דאָס גאַנצע צימער מיט טאַנצענדיקן ליכט. די מאַמע איז געלעגן, די אויגן שטייף פאַרמאַכט, איר פּנים איז געווען רואיק. נאָר די ליפּן האָבן געהאַלטן אין איין ציטערן. און מיט אַ מאָל האָט דאָס ציטערן אויפגעהערט און אַלץ איז געבליבן פאַרגליווערט.

דער טאַטע האָט ניט געקאָנט לעבן אָן איר. אַ פאַרבענקטער, אַ

פרעמדער איז ער געוואָרן אויף דער וועלט. ער איז געוואָרן שטילער, איינגעשרונקען, אַ פאַרבלאָנדזשעטער. ער האָט מער ניט געקאָנט געפינען דעם וועג צום לעבן. איין פרימאָרגן איז ער אַוועק פון הויז און איז מער ניט צוריקגעקומען. מען האָט אים געפונען ביים „איסט ריווער" מיט איבערגעשניטענע אָדערן. ער איז געווען טויט, פאַרדעקט מיט אַ דינעם שלייער פון שניי, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געפאַלן. און פאָול איז געבליבן אַליין. ער איז אַלט געווען זיבעצן יאָר, אָבער, ער האָט זיך געפילט מיד און אַלט.

פאָול האָט אויסגעקוקט עלטער ווי זיינע יאָרן. דער שטערן שוין מיט קנייטשן. די ליפּן פאַרשטייפטע. די אויגן, פול מיט נאַכט. דער חלום פון גיין אין אוניווערזיטעט איז פאַרשוואונדן. קיין משפחה האָט ער ניט געהאַט. אַליין! הימל, ערד און אַ ריזיקע שטאָט. האָט ער באַשלאָסן צו פאַרקויפן דאָס ביסל מעבל. איבערגעלאָזט האָט ער נאָר דער מאַמעס לייכטער, דעם טאַטנס ספרים. גענומען אַ צימער אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון שטאָט צו קאָנען זיין מיט זיך אַליין.

„קופּער סקווער". ער שטייט ביים ראָג גאַס און ווייס מער ניט וואוהין צו גיין. אויף דעם צווייטן זייט — אַ פּאָר נאַקעטעביימער, לאַנגע שטיינערנע בענק. אין ביידע זייטן, אַ פיבערדיקע באַוועגונג. מענטשן און מאַשינען יאָגן זיך ערגעץ, ערגעץ. פאָול זעצט זיך אַוועק אויף אַ נאַסער באַנק און פון מידקייט קען ער די אויגן ניט האַלטן אָפן. טויבן זוכן שפּייז, וואָרקן, זוכן איינע די אַנדערע. עמעצער גייט פאַרביי, ווערן זיי צעשראָקן און פליען אַוועק. זיי קומען אָבער באַלד צוריק. ער זעט דאָס אַלץ ווי דורך אַ נעפּל. ער הערט נאָך אַלץ די שאַרנדיקע טריט פון מענטשן. נאָר באַלד ווערט אַלץ אַרומגענומען מיט אַ שווייגנדיקער פאַרגליווערטקייט, ווי דער אָטעם פון לעבן וואָלט פאַרפרוירן געוואָרן. ניטאָ מער דער רויש פון שטאָט. ניטאָ מער!

פאָול איז ניט געווען באַוואוסטלאָז. זיינע געדאַנקען זיינען געווען שאַרף און קלאָר, אָבער, רירן האָט ער זיך ניט געקאָנט. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַזוי מוז זיין דער טויט. ער האָט געטראַכט וועגן אַלצדינג וואָס האָט פּאַסירט מיט אים פון זיין פריער קינדהייט. ער האָט קיין מאָל ניט גערעדט צו טאַטע־מאַמע פון דעם. געהאַלטן עס פאַר אַ גרויסן סוד. עס איז געווען אַ טייל פון זיין לעבן וואָס ער האָט געוואוסט, אַז ער קאָן זיך מיט דעם ניט טיילן מיט עמעצן; זיך

געשעמט און מורא געהאַט. אָבער, אין דעם מאָמענט דערמאָנט ער זיך אַלץ מיט אַזאַ שאַרפקייט און בולטקייט.

דעם ערשטן מאָל ווען דאָס האָט פּאַסירט איז ער געווען אַליין אין הויז. טאַטע־מאַמע זיינען אַוועק צו דער אַרבעט. אַ האַרבסט רעגן האָט געקלאַפּט אין די שויבן. ער האָט זיך געשפּירט אַזוי זיכער און באַקוועם אין הויז. דער דרויסן איז געווען ווייט און פרעמד. ער איז געזעסן אין וויג־שטול און זיך געוויגט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. ווי אַלט ער איז געווען דעמאָלט, געדענקט ער ניט. געמוזט זיין אַ יאָר אַכט, און אפשר אַביסל עלטער. ער ווייס ניט צי ער איז איינגעדרימלט געוואָרן אָדער ניט. פּלוצלונג, פון ערגעץ ניט ווייט, האָט ער געהערט שטימען. ווי צוויי קינדער וואָלטן געשמועסט צווישן זיך און דערציילט איינער דעם אַנדערן פאַנטאַסטישע מעשיות.

„אויפן באַרג איז דאָ אַ גאָרטן מיט אַ קרישטאָלענער הויז". האָט ער געהערט ווי אַ ייִנגל וואָלט גערעדט צו אַ מיידעלע. און זי האָט אים געפרעגט: „קאָנען מיר אַרויף אויפן באַרג?" „יאָ", האָט ער געענטפערט, „מיר דאַרפן פאַרמאַכן די אויגן און זאָגן זיבן מאָל: אַלבאַזאַר, גאָט איבער אַלע געטער! העלף אונדז דערגרייכן דעם שפּיץ באַרג וואו די גרויסע פרייד איז; וואו טאָג און נאַכט קומען זיך אָפּרוען!"

און ער האָט געהערט זייערע קינדערשע שטימען איבערחזרן די ווערטער זיבן מאָל. ניט ווילנדיק האָט ער זיי נאָכגעזאָגט. ער האָט אויך געוואָלט דערגרייכן דעם באַרג פון אייביקער פרייד. און פּלוצ־לונג, האָט אַ גרויסע ליכטיקייט זיך באַוויזן. דאָס צימער איז פאַר־שוואונדן. ער איז געווען אין דרויסן. אַ ווייס זאַמדיקער ברעג לעבן אַ טייך פון בלויע וואַסער. נידעריקע ביימער און פלאַנצן זיינען גע־וואַקסן אומעטום. עמיצער האָט גערופן זיין נאָמען. ער האָט זיך אויסגעדרייט און געזען אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער. די פּנימער זייערע פאַרזוניקט און פול מיט פרייד. די מיידלע האָט צו אים געזאָגט: „מיין נאָמען איז פרידקע". דאָס ייִנגעלע האָט אַרויסגעזונגען: „און מיין נאָמען איז בענדזשי. קום לאָמיר גיין צום שפּיץ באַרג. מיר קאָנען ניט פאַרלירן קיין צייט. מיר מוזן זיין דאָרטן איידער די שטערן ווייזן זיך אין הימל, איידער די זון וועט אַרונטערקומען זיך אָפּרוען פון איר טאָג אַרבעט".

פון דעם טאָג אָן האָט פּאָול געלעבט צווישן חלום און וואָר,

צווישן דער וועלט און אַ וועלט וואָס איז פאַרבאָרגן טיף אין די ספערן פון אייביקייט; אַ וועלט וועלכע קיינער קאָן ניט טיילן מיט אַנדערע, יעדער מוז אַליין געפינען זיין וועג צום שפּיץ באַרג פון אייביקער פרייד. באַרג און טאָלן, הימל און וואָלקן און וועלטן, וואָס פילן אָן דעם גאַנצן אוניווערז. און יעדער איינער מוז געפינען זיין „שאַנגראַלאַ" — זיין חלום.

דערנאָך, אַלע מאָל וואָכעדיקע חלומות... ער האָט געלעבט צווישן צוויי ווירקלעכקייטן, צוויי וועלטן. ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וואו איינע פאַנגט זיך אָן און די אַנדערע ענדיקט זיך. און ווען ער איז געבליבן אַליין און זיך פאַרקליבן אין זיין איינזאַמען חדר, האָט ער געהאָפט, אַז אַלץ וועט זיך בייטן. ער האָט געפונען אַרבעט אין אַ פאָדעם־פאַבריק אויף גרין סטריט. עס איז געווען אַ גרויע, אַלטע געביידע מיט פאַרשטויבטע פענצטער און לאַנגע קאָרידאָרן. פאַר־שיידענע מאַשינען האָבן אָנגעפילט יעדן ווינקל. ער האָט זיך אויס־געטויגט צו דער אַרבעט, געהאַט דעם טאַטנס פינגער, צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט האָט עס באַקומען לעבן. ער האָט געוואוסט דאָס קלאַפּן פון דעם האַרץ פון יעדער מאַשין. אַז ער פלעגט שפּאַצירן דורך די לאַנגע רייען מאַשינען, די שפּינדלדיקע אָרעמס, האָט ער גלייך דערקאָנט וואָס עס האָט פּאַסירט. און זיינע הענט האָבן גע־צערטלט די מאַשין וואָס איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן און פאַרלוירן איר ריטם.

הונדערטער מיידלעך האָבן געאַרבעט ביי די שפּינדלען. האָט דער פאָדעם זיך אָפּגעריסן, האָט די מאַשין אויטאָמאַטיש זיך אָפּגעשטעלט. דערנאָך, ווייטער אַרבעט. אייביק אַרבעט! די פינגער אין אייביקער באַוועגונג. פיס אין באַוועגונג. דער קלאַנג פון די מאַשינען. דער שלייער פון שטויב אויף די שויבן. די קליינע פאַרשטויבטע לעמפּלעך, וועלכע הענגען פון דער סטעליע, צעשטערן ניט דעם אומעט.

ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט ווייס ער אַליין ניט. ער איז געווען אַזוי צעמישט צווישן חלום און וואָר, אַז אַ סך מאָל האָט ער ניט געקאָנט געדענקען וואָרום און פאַרוואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט. דער פרימאָרגן איז געווען ווי אַלע פרימאָרגנס. פרילינג און בלוי־ווייסער הימל. די פּאָר פאַרדאַרטעביימער מיט שטיינערנע בענק און אַ סקווער וואו די ערד איז געווען אויסגעפלאַסטערט מיט ציגל. אַ היימ־לאָזער הונט איז געלעגן פאַרזשמורעט מיט פאַרמאַכטע, טרערנדיקע

אויגן. אַן אַלטער מאַן מיט אַ פאַרזשאַווערטער באָרד און בטול — איז געזעסן און געקוקט אין דער וועלט אַריין. אַ יונגע פרוי אָנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט צווײ טאַרבעס אָנגעשטאָפּט מיט שמאַטעס, איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און די מידקייט האָט זי אַרומגעוועבט. טויבן האָבן געזוכט שפייז, געמרוקעט און זיך געדרייט אונטער די פיס. און פאָול האָט דערפילט, אַז זיינע פיס וואַקלען זיך. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, געקראָכן ביז ער האָט דערגרייכט אַ באַנק און זיך אַוועקגעזעצט.

טויזנטער קאָלירן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ מאָל, הונדערטער רעגנבויגנס האָבן אַרונטערגעיאָגט פון הימל. עס איז מער ניט גע־ווען קיין ערד אונטער די פיס. לופט און פאַרבן. וואָלקנס ווי אינדזלען אָנגעפילט מיט בערג און טאָלן. גלעזערנע פּאַלאַצן מיט טורעמס פון גאָלד. בלומען אָן אַ טיעור. און הימלען וואָס האָבן געלויכטן מיט אַ העלקייט — האָבן געבלענדט די אויגן.. מענטשן מיט שימערירנדיקע קליידער און קינדער אין ווייסן זייד, און איבער אַלעמען איז געווען אויסגעגאָסן אַ פרייד.

ווען ער האָט געעפנט די אויגן איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג. פון האָדסאָן האָט זיך געטראָגן אַ מילדער ווינט. ער איז געזעסן אַ גע־פלעפטער און גאָרניט געקאָנט טראַכטן. אָבער עפּעס האָט פּאַסירט מיט אים וואָס ער האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען. ער איז מער צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. איבערגעלאָזט די פּאָר דאָלאַר וואָס אים איז געקומען. פאַר עטלעכע טעג איז ער געזעסן אין זיין חדר און ניט געוואָלט זען דעם דרויסן. מרס. היגענס האָט אים געבראַכט עסן. ווען זי האָט אים עפּעס געפרעגט, האָט ער ניט געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף איר מיט גלעזערנע אויגן און דערנאָך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

נאָך דעם האָט פאָול מער ניט געאַרבעט. ער האָט געהאַט אַביסל געלט וואָס איז נאָך אַ פּאָר חדשים פאַרשוואונדן. מרס. היגענס איז געווען גוט צו אים. איר מאַן איז געשטאָרבן ווען זי איז געווען יונג. חתונה געהאַט האָט זי מער ניט. זי איז געבליבן אין דעם זעלבן הויז, פאַרדונגען צימערן, און איין מאָל אַ וואָך געגאַנגען אין די מואוויס.

זי פלעגט אַריינקומען צו אים פון צייט צו צייט, אים געבראַכט אַביסל עסן און האָט זיך אַלע מאָל אַנטשולדיקט פאַר אים. זי האָט

אים קיינמאָל גאָרניט געפרעגט, און ער האָט געשוויגן. טעגווייז איז ער געווען אין דער היים און ניט פאַרלאָזן די ווענט פון זיין צימער. ער פלעגט אַמאָל אַרונטערגיין — איז דאָס געווען שפּעט אין אָוונט. מרס. היגענס האָט געהאַט איר וואוינונג ביים טראָטואַר. די פענצטער זיינען געווען מיט גראַטעס. זי פלעגט שטיין און היטן פאָולן ביז ער איז פאַרשוואונדן אין גאַס אַריין.

קופּער סקוועיר. אַ פיינער שניי פאַלט. זיין פּנים איז נאַס. פאָול פילט, אַז די קעלט נעמט אים אַרום מיט נאַסע, קאַלטע אָרעמס. ער וויל זיך אויפהויבן און קאָן ניט. ער הערט אָפּגעריסענע ווערטער, אומפאַרשטענדלעכע. עס איז אַזאַ פאַרכמאַרעטער הימל. די הייזער אויף דער צווייטער זייט גאַס זיינען איינגעוויקלט אין נעפּל. די שטאָט רייסט זיך אַריין אין זיינע אויערן מיט אַ מעכטיקן קול. אימיצער שטייט איבער אים ווי אַ שאָטן, שעפּטשעט אין זיין אויער. לאַנגזאַם וואַכט ער אויף. ער דערזעט אַ הויכער מענטש הויערט איבער אים און רעדט צו אים. הויך און שטאַרק, מיט אַ שפּיציק בערדל אָן אַ היטל. די האָר צעפּאַטלט, מיט שניי פאַרדעקט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ ריז. פאָול האָט געטראַכט אַז עס איז ניט דיווירקלעכקייט, אַז דאָס אַלץ איז איינע פון זיינע האַלוצינאַציעס. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ דיקער פינצטערניש.

פאָול האָט אויפגעוואַכט און זיך ניט געפונען. ער האָט געפילט דעם ריח פון געזאַלצענעם וואַסער. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער איז אין אַ קאַבינע פון אַ שיף. ער האָט געהערט דעם ווינט וואויען אין דרויסן, געהערט ווי די כוואַליעס שלאָגן אָן אַ ברעג. דאָס צימער איז געווען פאַרשלונגען אין פינצטערניש. דורך דעם קליינעם קיילעכ־דיקן פענצטער האָט ער געזען אַ רויטע ליכט. עס האָט זיך אים אויס־געוויזן, אַז ער וויגט זיך רויף און אַראָפּ, און ער האָט געהערט דעם רויט פון וואַסער וואָס האָט געשטורעמט אין דרויסן. ער האָט זיך געוויגט ביז ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן און געהאַט גרוילעכע חלומות.

די זון האָט אַריינגעשטראָמט דורך די קליינע פענצטער ווען פאָול האָט אויפגעוואַכט. פאַר אַ רגע האָט ער זיך ניט גערירט פון אָרט. זיינע אויגן האָבן אַרומגעוואַנדערט אין צימער און ניט גע־וואוסט וואָס צו טראַכטן. אָרעמע מעבל, בילדער אויף די ווענט פון לאַנדשאַפטן. בערג און טאָלן, פעלדער און בלומען, און אַ זון־אונטער־גאַנג. דאָ און דאָרט ביכער, אַ וויגשטול, אַ קאָמאָד, און אַן אָפענער

קלאָזעט מיט פּרויען־קליידער. דער ריח פון ביליקן פּערפיום, אַ קאַ־מאָד פאַרשפּריצט מיט אַ ווייסער טוך, אַ שפּיגל און פאַרשיידענע זאַכן וואָס אַ מיידל באַנוצט זיך אויסצופּוצן.

ווען פּאָול האָט זיך צורעכט געמאַכט און אַרונטערגעקראָכן פון בעט, איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער. ער האָט געזען די ברעגן און פאַבריקן פון ברוקלין.

פון די פענצטער האָט מען געקאָנט זען דעם איסט ריווער. אַ האַפן פון קלעצער. און דערביי זיינען געלעגן געאַנקערט שלעפּ־שיפן און באַרזשעס. אייניקע ליידיקע, אַנדערע אָנגעפילט מיט פאַרשיידענע וואַרעס, ווי טיילן פון מאַשינען און פאַרשיידענע זאַכן. די קאַפּיטאַנען פון די באַרזשעס און שלעפּ־שיפן און זייערע מאַנשאַפטן זיינען שוין געווען ביי דער אַרבעט. אַ פּאָר פון זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם האַפן. די פּאַרע פון די קוימענס האָבן זיך מיט אימפּעט געשפּאַרט צום הימל.

פּאָול האָט דערזען דעם מאַן מיט דער שפּיציקער בערדל און די צעשפּרודלטע האָר שטייט אויף דער בריק. ער איז ניט געווען זיכער צי דאָס איז טאַקע געווען דער יעניקער, וואָס האָט אים גע־בראַכט אַהער. „וואָס פאַר אַ מעכטיקע פיגור," האָט ער געטראַכט. אָבער, זיינע געדאַנקען זיינען איבערגעריסן געוואָרן. פון דער אַנדע־רער זייט וואַנט האָט ער געהערט קלאַנגען. עס מוז זיין נאָך אַ צימער. פּוסטריט אויף אַ הילצערנער פּאָדלאָגע. דאָס קלאַפּן פון געפּעס. ער האָט געוואוסט, אַז דאָרטן מוז זיין אַ קיך. אַ פרוי האָט זיך צעזונגען. זי האָט געהאַט אַ ווייכן, צאַרטן טאָן. צום ערשטן האָט ער נאָר גע־קאָנט כאַפּן אַ פּאָר ווערטער, דערנאָך איז די שטימע געקומען קלאָר און שאַרף:

„פליט אַ פויגל פאַרביי מיין פענצטער,
דערמאָן איך זיך אָן דיר מיין שענסטער.
דו האָסט מיין האַרץ מיט זיך גענומען,
דו וועסט צו מיר מער ניט צוריקקומען.
איך וועל בלייבן איינזאַם און אַליין
ביז מיין לעבן וועט פאַרגיין".

פּאָול איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער און איינגעאָטעמט די קילע לופט. דערנאָך איז ער אַריבער צום צווייטן זייט צימער און געעפנט אַ שפּאַרונע פון טיר. ער האָט געזען די זינגערין. אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן מיט אַ ברוינער קאָפּ האָר און העלע גרינע אויגן. זי האָט געגרייט דעם טיש פאַר דעם קומענדיקן מאָלצייט. זי האָט גע־טראָגן אַ בלומיקע ציצן קליידל, רויטע קרעלן אויפן האַלדז, יונג און פריידיק. ער האָט געקוקט אויף איר און געטרונקען איר פרייד.

מיט אַ מאָל האָט אים אַ שרעק אַרומגעכאַפּט. אים האָט זיך אויס־געדוכט, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ פאַנטאַזיע. ווער איז ער? וואָס טוט ער דאָ? ווער איז דאָס מיידל וואָס גרייט דאָרטן צום טיש? דער אימפּולס צו אַנטלויפן האָט אים אַרומגעכאַפּט. דאָס אָפענע פענצ־טער האָט געפירט צו אַ שמאָלן געסל. דאָס געפיל אַז ער מוז זיך באַפרייען פון עפּעס אַן אומבאַוואוסטזיניקייט האָט פולפיטירט זיין האַרץ. ער איז אַרויס דורך דעם שמאָלן געסל און מיט שנעלע טריט אַוועק פון דאָרטן.

ער איז איילנדיק געגאַנגען צו זיין צימער. דאָרטן איז געווען דאָס איינציקע אָרט וואו ער האָט זיך געקאָנט באַהאַלטן. דאָרטן וועט ער זיצן אויף דער וויגשטול פאַרזונקען צווישן די גרויע ווענט. פון די אַנדערע צימערן וועט ער הערן פיבערדיקע טריט, וועלכע וועלן אין ערגעץ ניט פירן! ערגעץ, פון דעם שמאָלן קאָרידאָר, וועט ער הערן אַ כליפּען פון אַ פרוי. ער ווייס ניט ווער זי איז, אָדער וואַרום זי קלאָגט. אָבער קיינער וועט זיך ניט אומקוקן! יעדער וועט בלייבן הינטער די פאַרשלאָסענע טירן. דערווייל איז ער מיד. די פיס אָנגע־לאָדענע מיט בליי, די אויגן ברענען אין קאָפּ. אים דוכט זיך, אַז דער הימל איז צעצונדן מיט פלאַמען, אַז איבער די דעכער און די טורעמס שוועבן פייערדיקע וואָלקנס.

ער איז ניט געווען זיכער וואו ער געפינט זיך. מיט איין אויג האָט ער געזען די גאַס, די צעקרימטע הייזער. ער האָט געזען קופּער יוניאָן, דער זעלבער גרויער אויסעזן. אָבער די פענצטער זיינען גע־ווען באַלויכטן פון דער פאַרגייענדיקער זון. ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס האָט פּאַסירט! דער טאָג איז נאָך ניט געווען פאַריבער. עס איז נאָך ווייט פון זון־אונטערגאַנג. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געזען צעצונדענע וואָלקנס. אָבער עפּעס איז געווען

אַנדערש און פֿאַרקרימט, אומנאַטירלעך! אַלץ איז געווען דאָס זעלבע, אָבער ניט דאָס זעלבע! ער האָט זיך ניט געקאָנט פֿאַנאַנדערקלייבן אין דעם אַלעמען.

אָבער דורך דעם לינקן אויג האָט ער געזען עפּעס אַנדערש. צוויי באַזונדערע וועלטן. ער האָט מורא געהאַט זיך צו באַוועגן! ער איז געשטאַנען פֿאַר אַ מינוט און געוואַרט, זיך געשראָקן אַריבערצו־גיין די גאַס. אויף דער אַנדערער זייט איז געווען „יוניאָן סקווער". בענק און ווינטערביימער. ווען ער דערגרייכט אַהין, וואָלט ער זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט ביז עס וועט אים אַריבער. עס איז מער ניט ווי אַ האַלוצינאַציע, אַ פֿיבער וואָס קומט און פֿאַרגייט.

אימיצער האָט אים אָנגענומען פֿאַר דעם אָרעם און אַריבערגע־פֿירט די גאַס. ער האָט קיינעם ניט געזען, נאָר געפֿילט דעם דרוק פֿון אַ האַנט. אימיצער האָט גערעדט און געלאַכט. ער האָט געהערט טריט פֿון מענטשן, דאָס פֿאָרן פֿון טראָקס. אימיצער האָט געשריען הויך אויפֿן קול: „מיראַר", „ניוס"! אָבער, ער האָט קיינעם ניט געזען. נאַכט מיט אַזאַ גרוילקייט, נאַכט אָן אַן אָנהויב, אָן אַ סוף. ער איז געזעסן אויף אַ באַנק, פֿאַרמאַכט די אויגן אויף אַ רגע. דורך איין אויג האָט ער געזען פֿינצטערניש. עס איז מער גאָרניט געווען. עס וועט מער גאָרניט זיין. ער האָט מיט דער האַנט פֿאַרמאַכט דאָס רעכטע אויג, פֿאַרדעקט עס שטיף מיט די פֿינגער און אַן אַנדער וועלט האָט פֿאַר אים אויפֿגעלויכטן:

אַ פֿעלד פֿאַרדעקט מיט ווילדע גראָז, פֿעלדזן פֿון גרויען שטיין. דאָ און דאָרט ווילדע בלומען. אַ בלייענער הימל און געדיכטע גרויע וואָלקנס. ווי ווייט זיין אויג האָט געקאָנט גרייכן, האָט מען ניט געזען קיין וועג אָדער אַ סימן פֿון לעבן. עס איז ניט געווען קיין שום באַ־וועגונג. אַ גרוילעכע שטילקייט איז געווען פֿאַרפֿרוירן און געבלאָנ־דזשעט צווישן הימל און ערד. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און געקוקט גלאַט אין דער וועלט אַריין. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס מוז זיין די ענדע פֿון וועג. אַלץ אין אים איז געווען פֿאַר־גליווערט. אין זיין האַרצן איז ניט געווען קיין פֿרייד אָדער ווייטיק, נאָר אַ געפֿיל פֿון באַפֿרייאונג, פֿון אַ לעבן וואָס ער האָט קיינמאָל ניט פֿאַרשטאַנען. איצט איז עס געווען פֿאַריבער. איצט איז פֿאַר אים קלאָר געוואָרן אַ סך זאַכן, ווי אַ פּראָדזשעקטאָר וואָלט מיט אַמאָל באַ־

לויכטן די פינצטערע ווינקלען פון אַ צימער. פּאָול האָט געפילט, אַז איצט באַפרייט ער זיך פון גרויסן פּלאָנטער, אַז זיין גאַנץ לעבן האָט ער געלעבט ווי אין אַ טומאַן.

ער האָט געזען ווי אין זיינע קינדער־יאָרן האָבן טאַטע־מאַמע אים דערצויגן ווי זיי אַליין זיינען געווען. איצט ווייס ער, אַז זיי זיינען ניט געווען קיין אייביקע, אַז זיי זיינען געקומען אויף דער ערד אויף אַ באַזוך. זיי האָבן קיינמאָל זיך געפילט היימיש צווישן מענטשן. זיי האָבן געהאַט אַ מיסיע צו דערפילן און האָבן זיך געאיילט פאַרטיק ווערן און גיין צוריק אַהיים. זיי זיינען געווען פרעמדע אויף דער ערד און ער איז אויך אַ פרעמדער...

און איצט איז דער וועג פאַר אים פאַרענדיקט. אַן אייביקע וויס־טעניש! אַ גרויקייט פון פאַרגיין. און וואָס איז אין דעם אַלעמען? וואָס איז דער תוכן, און וואָס איז דער צוועק . . . ווארום געבוירן ווערן און שטאַרבן . . . אַלץ! דאָס אויפגיין, דאָס פאַרגיין איז מיט פיין. מען ווערט געבוירן, מען לעבט און מען שטאַרבט מיט גוואַלד. קאָן דען זיין אַז אַלץ וואָס פאַסירט איז אַזוי זינלאָז, קאָן דאָס זיין אַז הינטער דעם אַלעמען איז ניטאָ קיין אומבאַוואוסטער כוח, פון וועלכן מיר ווייסן ניט... פאַרשטייען אים ניט?...

זיינע טאַטע־מאַמע האָבן געגלויבט אין גאָט; אין אַ גרויען באַ־וואוסטזיין, וואָס פילט אָן דעם גאַנצן אוניווערז, אַז מענטשן ווערן געבוירן צו דערפילן אַ מיסיע. וואָס די מיסיע איז, דאַרף יעדער אַליין אויסגעפינען. ווען עס איז פאַראיבער, קערט מען זיך אום צוריק צו אים און מען ווערט נאָכאַמאָל אַ טייל פון זיין גרויסן גייסט. אפשר זיינען זיי גערעכט. אָבער ער האָט אין זיין לעבן געבלאָנדזשעט און גאָרניט געקאָנט געפינען. אַ פאַרלוירענער צווישן הימל און ערד, צווישן חלום און רעאַליטעט, פון זיין און ניט זיין. אַ פרעמדער און אַליין. אַ האַרץ מיט אומרו און בענקעניש. אַ צעשפּליטערטער צווישן דאָ און דאָרט, און אין ערגעץ ניט. איצט איז ער מיד פון אַלעמען. ער וויל צומאַכן די אויגן, פאַרגעסן און איינגעדרימלט ווערן אויף אייביק.

ווי אַ בלינדער האָט פּאָול זיך געשלעפּט איבער די גאַסן. יעדע פּאָר מינוט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ גע־ביידע. ער האָט געוואוסט אַז ער גייט אַהיים. ער האָט געוואוסט, אַז

ער מוז דערגרייכן דאָס גרויע, שטויביקע הויז ביים וואַסער. ער האָט געהערט אַלע סאָרטן קלאַנגען, אָבער ער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען זיי קומען. אַן אומנאַטירלעך ליכט האָט איינגעוויקלט די הייזער און די מענטשן. ווי רויטע שפּינוועבס וואָלט זיך געצויגן פון הימל און פאַרפלאָנטערט די גאַנצע ערד. אימיצער האָט הויך געלאַכט, און דער געלעכטער האָט, ווי פאַלנדיקע שטיינער, אָפּגעקלונגען איבער דעם גאַנצן אוניווערז.

אָבער דאָס הויז האָט ער דערגרייכט. ער איז געשטאַנען ביים טיר און מיט גרויס מי זי געעפנט. אָבער די טרעפּ האָט ער ניט גע־קאָנט אַרויפגיין. ער איז געשטאַנען אין דעם טונקעלן קאָרידאָר, גע־קוקט אַרויף, וואו אַ שוואַרצע מאַסע האָט זיך צונויפגעגאָסן. אין קאָפּ האָט אים געשווינדלט, די אויגן מיט אַ שלייער פאַרגאָסן... איין גע־דאַנק האָט אים באַהערשט... ער מוז דערגרייכן זיין צימער! ער מוז! אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין קערפּער. די פיס האָבן זיך גע־וואַקלט און זיינע הענט זיינען געהאַנגען ווי טויטע צווייגן. און מיט אַמאָל האָט ער געהערט אַ שטימע. ער האָט זי דערקענט. מרס. היגענס האָט אים אָנגענומען אונטער דעם אָרעם. זי האָט אים געפירט צו אירע צימערן. די טיר איז געווען אין דער רעכטער זייט פון קאָרי־דאָר און איז געשטאַנען אָפן. אַ געמיטלעכע וואַרעמקייט האָט אים אַרומגענומען.

זי האָט אַרונטערגענומען זיינע קליידער און געהאַלטן אין איין רעדן. ער האָט געהאַט דאָס געפיל אַז טרערן שטיקן איר. זי האָט אים אַריינגעלייגט אין איר בעט און אים צוגעדעקט מיט אַ וואַרעמער קאָלדרע. זי האָט אָפּגעפרישט זיין פּנים מיט וואַרעמער וואַסער. דורך אַ שפּאַרונע פון זיין אויג האָט ער געזען ווי זי קניט לעבן זיין בעט. זי איז מער ניט געווען די אויסגעדאַרטע מרס. היגענס, נאָר אַ יונג־פרוי מיט טרערן, און אירע אויגן האָבן געבעטן גאָט פאַר אים. דער־נאָך האָט זי זיך איבערגעבויגן און אים געקושט אויף די ליפּן.

זי האָט געהאַטן אין איין רעדן און כליפּען: „דו האָסט גע־דאַרפט ווערן מיין מאַן, פּאָול". נו, בין איך אַ סך עלטער פון דיר, איז וואָס? וואָלסטו געווען מיין מאַן און מיין קינד. דאָס הויז איז מיינס. איך האָב גענוג פאַר אונדז ביידען. וואָלסט מיך געקאָנט פאַר־לאָזן ווען דו וואָלסט געוואָלט, אַ טאָג, אַ יאָר, אַ רגע, וואָלט געווען

געגנוג פאַר מיר. מיין בויך וואָלט אפשר געבענטשט געוואָרן מיט אַ קינד. גאָט איז גוט! ער איז באַרעמהאַרציק".

ביסלעכווייז זיינען אירע ווערטער פאַרלוירן געוואָרן. איר שטימע האָט געקלונגען ווי זי וואָלט געקומען פון די וואָלקנס. דערנאָך אַ פאַרפרוירענער שווייגן. ער האָט מער ניט געפילט אירע פינגער אויף זיין לייב. מער ניט געוואוסט ווער ער איז, און פון וואַנען ער שטאַמט. ער האָט זיך באַוועגט אין אַ טומאַן. ס'איז ניט געווען טאָג אָדער נאַכט. ניט קיין זון, ניט קיין שטערן.

מיט אַ מאָל האָבן פינטעלעך פון ליכט אָנגעהויבן אַרונטער רעגענען. בלוי ליכט האָט געשימערירט פון אומעטום. נאָך דעם ליכט האָט ער געבענקט אַלע זיינע טעג. באַלד וועט ער דערגרייכן צום חלום פון אַלע חלומות! צו דעם וועג פון אייביקייט...

# אינהאַלט: